# אויסצוגען פון דע ליאָן

אינדוסטריעלער יוניאָניזם — דאָס איז די סאָציאַלע רעפּובליק ווי זי האַלט אין ווערען. און ווען דער צוועק ווערט שוין דערגרייכט, דאַן ווערט פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן — די סאָציאַליסטישע רעפּובליק אין עקזיסטענץ.

לויט דעם קומט אויס אַז די אינדוסטריעלע יוניאָן איז פריהער דער האַמער וועלכער צעברעכט די פעסטונג פון קאַפּיטאַליזם און ווערט אַליין דערנאָך דער יורש פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

* * *

וואו עס וועט זיך געפינען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו באָארד פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן — דאָרט וועט זיך געפינען די הויפּשטאָט פון לאַנד.

* * *

דאָס פאַראייניגען און אָרגאַניזירען דעם גאַנצען אַרבעטער־קלאָס איז נויטוועגדיג אום צו ראַטעווען פון באַנקראָט דעם מעגליכען פּאָליטישען זיג דורך דעם וואָס מען גיט די מעגליכקייט דעם אַרבעטער־קלאָס איבערצונעמען און אָנצופירען מיט דער פּראָדוקציע אין דעם מאָמענט ווען די האַרמאַטען פון דער געזעלשאַפטליכער מאַכט פאַלען אַריין אין זיינע הענט, — אָדער נאָך פריהער, אויב נויטיג, ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישע פאַרדאָרבענהייט פאַרשמוצט דאָס שטימען־קעסטעל. . . . די אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס באַשטימען פאַראויס די קינפטיגע פאַרטרעטערשאַפטען פון דעם פּאַרלאַמענט אין דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

* * *

די מאַכט פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסטישען באַלאָט באַשטעהט אין דער גרונטיגער אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע פון די פּראָדוצירענדע אַרבעטער, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אויף אַזאַ'ן אופן, אַז ווען דער באַלאָט ווערט אָפּגעגעבען. אין דעם שטימקעסטעל, זאָל דער קאַפּיטאַליסט פאַרשטיין און וויסען אַז הינטער דער שטימע איז אויך פאַראַן די מ אַ כ ט עס אַרויפצוצווינגען.

# לעניז וועגען דעניעל דע ליאָן

„ווען לעניז האָט געהאַלטען ביים ענדיגען זיין רעדע וועגען דער אָננעמונג פון דעם געזעץ־פּראָיעקט (ביל) וועגען די „רעכט פון די אַרבעטער" אויף דעם קאָנגרעס פון די סאָוויעטען, האָט ער אַרויסגעוויזען דעם איינפלוס פון דעניעל דע ליאָן, וועמעס לערע וועגען דער קאָנסטרוקציע פון דער רעגירונג אויפ'ן באַזיס פון אינדוסטריעס פּאַסט זיך אַזוי גוט אַריין אין דעם גאַנצען פּלאַן פון די סאָוויעטען וועגען אַ רעגירונגס־קאָנסטרוקציע אין רוסלאַנד. דעליאָן איז אייגענטליך דער ערשטער אַמעריקאַנער סאָציאַליסט צו באַאיינפלוסען דעם אייראָפּעאישען געדאַנק". — אַרנאָ דאָש־פלעוראָט, אין קאָרעספּאָנדענץ צו דער ניו יאָרק וואָירלד, דעם 31טען יאַנ., 1918.

„לעניז האָט געזאָגט אַז ער האָט געלייענט אין אַן ענגלישער סאָציאַליסטישער צייטונג אַ פאַרגלייך פון זיינע טעאָריעס מיט די טעאָריעס פון דעם אַמעריקאַנער דעניעל דע ליאָן. ער האָט דעמאָלט גענומען ביי באָרים ריינשטיין (וועלכער געהערט צו דער זעלבער פּאַרטיי וועלכע דע ליאָן האָט געגרינדעט אין אַמעריקע) דע ליאָנס עטליכע בראָשורעס, האָט זיי געלייענט צום ערשטען מאָל, און האָט זיך שטאַרק געוואונדערט ווי אַזוי דע ליאָן האָט מיט אַזאַ לאַנגער צייט צוריק שוין געהאַט די זעלבע געדאַנקען ווי די רוסישע קאָמוניסטען. דע ליאָנס טעאָריע וועגען דעם אַז רעפּרעזענטאַציע דאַרף זיין ניט לויט געגענטען, נאָר לויט אינדוסטריעס, איז שוין אָנגענומען געוואָרען אַלס דער גרונטגעדאַנק אין דער סאָוויעטען־סיסטעם. לעניז האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט איינמאָל געזעהן דע ליאָנ'ען אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ. דע ליאָן, אַ גראָהער אַלטער מאַן, האָט קיין איינדרוק דאָרט ניט געמאַכט, און האָט אויך ניט געקאָנט רעדען צו אַזאַ גרויסער פאַרזאַמלונג. נאָר ער איז זיכער געווען אַ פיל גרעסערער מענטש ווי ער האָט אויסגעזעהן, ווייל זיינע בראָשורען זענען געווען געשריבען פאַר דער ערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. עטליכע טעג שפּעטער האָב איך באַמערקט ווי לעניז האָט באַנוצט אַ פּאָר אויסדרוקען פון דע ליאָן און זיי אַריינגעפירט אין דער נייער פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַזוי ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אָפּגעבען עהרע דעם אָנדענקען פון דע ליאָן". — אַרטור רענסאָם אין זיין בוך „זעקס מאָנאַטען אין רוסלאַנד אין 1919".

לעניז האָט געזאָגט: „דער אַמעריקאַנער דע ליאָן האָט דער ערשטער פאָרמולירט די אידעע פון אַ סאָוויעט רעגירונג, וועלכע איז שפּעטער אויסגעוואַקסען פון זיין געדאַנק. די קינפטיגע געזעלשאַפט וועט זיין אָרגאַניזירט לויט דעמזעלבען פּלאַן ווי דער סאָוויעט. עס וועלען גיכער זיין סאָוויעטישע גרענעצען פאַר פעלקער, אוידער געאָגראַפישע. אינדוסטריעלער יוניאָניזם איז די גרונט־זאַך. דאָס איז אייגענטליך וואָס מיר בויען". — ראָבערט מיינאָר אין דער ניו־יאָרקער וואָירלד.

אויב עס איז פֿאַראַן אַן עקעלדיגע זאַך
אין דער וועלט, איז עס אַ פּלעבעער, דער־
הויבען פון פּאַטריציער, ניט כדי צו פֿאַר־
בעסערן די לאַגע פון זיין קלאַס, נאָר צו
דינען די ערגסטע אינטערעסען פון זייער
קלאַס. דאָס איז יענער וואָס קומט פון פֿאָלק,
ווערט אָבער אַ פֿאַררעטער צו זיין געבורט,
ווען ער גיט אַן אויסרייד די טיראַנישע
היפּאָקריטען אויפצוהויבען די קעפּ און
אויסשרייען: „זעט, וואָס פֿאַר אַ פרייהייט
עס עקזיסטירט אין רוים, ווען מיר, די
פּאַטריציער דערהויבען אַזוי אַ פּלעבעער!“
האָבען זיי ווען עס איז דערהויבען אַ פּלע־
בעער, ווען ער האָט סימפּאַטיזירט מיט
פּלעבעער? ניין, ברודער! ווען איך זאָל
אַרויסגעהויבען ווערען פון מיין צושטאַנד,
וועל איך אויפגעהויבען ווערען אויף די
הענט פון מיינע מיטבירגער, ניט אויף זייערע
נאַקענס.

ריענצי (באלווער ליטאן).

1. סאָציאַליזם איז אוממעגליך איידער —

א. קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַנטוויקעלט צו אזא שטופּע ווען די וויכטיגסטע קרעפּטען פון דער פּראָדוקציע זענען אַנטוויקעלט, צענטראַליזירט און קאָאָרדינירט געוואָרען.

ב. ווען דער עקספּלאָאַטירטער אַרבעטער־קלאַס איז שוין פּטור געוואָרען פון דעם געדאַנק אז די אינטערעסען פון די צוויי הויפּט־קלאַסען פון דער געזעלשאַפט זענען איינע און דיזעלבע, און אז די איצטיגע סיסטעם פון פּראָדוקציע איז די איינאיינציגע וואָס קאָן געמאָלט זיין און איז ווי באַשאַפען פון גאָט אליין.

2. סאָציאַליזם איז ניט מעגליך סיידען אין אַ הויך־אַנטוויקעלטער קאַפּיטאַליסטישער לאַנד, און ערשט דעמאָלט ווען דער אַרבעטער־קלאַס אָרגאַניזירט זיך אַלס אַ קלאַס אין אינדוסטריעלע יוניאָנס (ניט אין „קרעפט“־יוניאָנס, ד. ה. צעטיילטע פאַך־יוניאָנס, ווי ביז אהער) פאַר דעם אָפענעם צוועק פון איבערקערען די איצטיגע אָרדנונג און אָנשטאָט דעם פּאָליטישען שטאַט אויפשטעלען אַן אינדוסטריעלען ראַט וועלכער רעפּרעזענטירט די אַרבעטער.

---

די אמת'ע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַרף די פּאָליטישע אזוי גוט ווי די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון דעם אַרבייטער־קלאַס, די ערשטע פאַר פּראָפּאַגאַנדע און ציוויליזירטע אַקציע נאָכ'ן פּלאַן פון באַלאָט; די צווייטע אַלס די איינציג־מעגליכע קראַפט מיט וועלכע צו אונטערשטיצען דעם באַלאָט, אָהן וועלכע דער גאַנצער באַלאָט איז ווי לבנה־שיין, און וועלכע קראַפט איז נויטוועדיג — אויסצושליסען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס.

אָן דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, ווידער, קאָן די סאָציאַליסטישע אָדער אַרבעטער־באַוועגונג ניט דערגרייכען איר טריאומף; אָן דער עקאָנאָמישער, ווידער, וועט דער טאָג פון איר טריאומף פאַרוואַנדעלט ווערען אין דעם טאָג פון איר נידערלאַגע. אָן דער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע וועט די באַוועגונג צוציהען און האָדעווען אין זיך דעם „פּיור ענד סימפּעל“־פּאָליטישען, וועלכער וועט אין זיין דעגענעראַציע פאַרראַטען און פאַרקויפען דעם אַרבעטער־קלאַס. אָן דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע וועט די באַוועגונג צוציהען און האָדעווען דעם אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער וועט אומברענגען די באַוועגונג.“

# צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע

— פון —

דעניעל דעליאָן



א

פלעבעער פירער און ארבעטער פירער

ב

די וואָרנונג פון די ברידער גראַקכי

ארויסגעגעבען דורך דעם
נאציאָנאלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט
פון דער סאָציאליסטישער ארבעטער פארטיי
45 ראָז סטריט, ניו יאָרק
1927

# אנערקענונג דעם דעניעל דעליאָן ברענטש 538 אַרבעטער רינג, פון פּעטערסאָן

מיר די ארויסגעבער פון די „צוויי בלעטער פון רוימישער געשיכטע״ פילען, אַז עס איז אונזער חוב צו געבען אַנערקענונג דעם דעניעל דעליאָן ברענטש, וועלכער איז געוועזען דער ער־שטער בר. פון ארבעטער רינג וואָס האָט אונז אָנגעבאָטען זיין מיטהילפע ארויסצוגעבען דעניעל דעליאָנ׳ס שריפטען אין אי־דיש. און אַ דאַנק דער מיה פון אָט דער — דערוויל איינציגער אידישער ארבעטער אָרגאַניזאַציע — איז מעגלאַך געוואָרען, די דערשיינונג פון דעם בוך.

דער ברענטש האָט ארויסגעשיקט אַן אַפּיל — מיט אַן אינ־דאָרסמענט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבעטער רינג — פאַר שטיצע, מיט׳ן רעזולטאַט: אַז די קאָנ־ווענשאָן פון אַרבעטער רינג אין יאָר 1925 האָט ניט בלויז באַוויליגט אַ געוויסע סומע פאַר דער אונטערנעמונג, נאָר האָט אויך אינדאָרסירט די ארבעט פון ברענטש און אויפגעפאָדערט די ברענטשעס פון אַרבעטער רינג צו העלפען אין דער אונטער־נעמונג.

אַ צאָל ברענטשעס פון אַרבעטער רינג, און אויך אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך וואַרים אָפּגערופען אויף דעם אַפּיל. און מיר דאַנקען זיי דערפאַר. אָבער אַ ספּעציעלען דאַנק דריקען מיר אוים דעם דעניעל דעליאָן ברענטש, און מיר זאָגען צו זיי: גייט אָן ווייטער מיט דער ארבעט, מיר פון אונזער זייט וועלען טאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלאַך פאָרטצוזעצען די אַרבעט פון אַרויסגעבען דעליאָנ׳ס שריפטען אין אידיש.

און מיר האָפען אַז די אידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס וועלען אונז ווייטער באַהילפיג זיין.

אייער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרדינט דעם נאָמען וואָס זי טראָגט — דעניעל דעליאָן.

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע
פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פאַרטיי.

# פאָררעדע

די אידישע איבערזעצונג פון איינעם פון דעליאָנ'ס וויכטיג-סטע ווערק די „צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע — פלעבעער-פירער און ארבעטער-פירער און די ווארנונג פון די ברידער גראַקכי", וואָס ווערט ארויסגעגעבען גראַד איצט, פונקט דרייצען יאָר נאָך דעליאָנ'ס טויט, איז נאָך אַ באַווייז, אַז דעליאָן איז ניט געוועזען בלויז אַ פאַרבייגייענדיגע פיגור אין דער סאָציא-ליסטישער און ארבעטער באַוועגונג — אַ פאַקט, וואָס וואָלט שוין איצט באַדאַרפט זיין קלאָר אפילו פאר יענע, וועלכע האָבען באַ דעליאָנ'ס לעבען ניט געקאָנט באַנעמען און אָפּשאַצען זיין גאונות, זיין וויכטיגקייט און זיין ווירקונג. איבער דרייצען יאָר זיינען שוין פאַראיבער זייט דעליאָנ'ס שטים איז געהערט גע-וואָרען פון דער בינע און זינט זיין פען האָט באַקעמפט שווינדעל און ליגען און האָט קלאָר און שאַלענדיג פּראָקלאַמירט די באַ-פרייאונג פון אַרבעטער-קלאַס פון לוין-שקלאַפעריי. די וואָס האָבען צו טאָן מיט דער פאַרשפרייטונג פון זיינע ווערק, ווייסען, אַז פאַר דער צייט איז ניט פאַרקלענערט געוואָרען דער קרייז מענשען, וועלכע לייענען אים און שטודירען אים און וועמעס וועג צום ציל ווערט באַלויכטען פונ'ם פאַקעל פון זיין געדאַנק. זיי ווייסען, אַז טויזענטער מענשען, וועלכע האָבען באַ דעליאָנ'ס לעבען ניט געהערט זיין נאָמען, קענען אים איצט און שעצען אים.

בעת אין די „אַלטע גוטע צייטען" פאַר דער וועלט-מלחמה האָבען אי די „פירער", אי די מאַסען, וואָס זיי האָבען געפירט, באַטראַכט דעליאָנ'ען פאַר אַ קריינק און שטערער; און בעת די „ליגענס וועגען סאָציאַליזם", וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט פאַרשפרייט אין אַמעריקע, זיינען נאָך געוועזען אָנגענומען פאַר עכטען מאַרקסיזם, און דער דורך און פאַרפוילטער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך באַטראַכט געוואָרען פאַר'ן

לייכט־טורעם אין דעם ים פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט דעליאָן געדונערט געגען דעם רעפאָרם סאָציאַליזם פון די „לייבאָר פייקערס“. כאָטש זיין קול איז אָפט פאַרלוירען געוואָרען אין דער וויסטעניש, פאַרשטיקט אין דעם טומעל פון אַ באַנדע אַוואַנטיוריסטען, פלאַכקעפּיגע אינטעליגענטען און קאַפּיטאַליסטישע טעלער־לעקער, וועלכע האָבען אָן בושה מאַרשירט אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַליסטישער און ארבעטער־באַוועגונג. די דאָזיגע באַנדעס זיינען איצט פאַרשוואונדען ווי רויך פון ווינט און די פיגור פון דעניעל דעליאָן שטייגט אויף ווי אַ פעניקס פון דעם אש איבער די חורבות פון דער באַוועגונג, וואָס האָט מיט אַ פופצען־צוואַנציג יאָר צוריק אין אַמעריקע און אויסער אַמעריקע געטראָגען דעם נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער רוסישער לענין און דער אַמעריקאַנישער דעליאָן זיינען די איינציגע ריזיגע אינטערנאַציאָנאַלע פיגורען, וואָס די באַוועגונג האָט געשאַפען אין לעצטען האַלבען יאָרהונדערט. און ווי לענין אַליין האָט פאַרמאָגט די גרויסקייט צוצוגעבען, איז עס געווען דעליאָנ׳ס אָריגינעלע טעאָריע וועגען דעם אינדוסטריעלען איבערבוי פון דער געזעלשאַפט, און דעליאָן איז באמת דער ערשטער אָריגינעלער סאָציאַליסטישער דיינקער זינט קאַרל מאַרקס און „דער ערשטער אַמעריקאַנער סאָציאַליסט, וואָס האָט באַאיינפלוסט דעם אייראָפּעאישען געדאַנק“.

איינע פון דעליאָנ׳ס גרויסע אָריגינעלע אַנטדעקונגען איז, די אמת׳ע פּאָזיציע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון דעם „פּיור ענד סימפּל“ טרייד יוניאָניזם (באַנוצענדיג גאָמפּערס׳עס אַ פראַזע), פון דעם „ריינעם און פּשוט׳ן“ טרייד־יוניאָניזם, וואָס עקזיסטירט אין זיין אורשפּרינגלאַכער „ריינקייט“ נאָר אין אַמעריקע, פאַרמאָגט אָבער קרובים אין אַנדערע לענדער, דער עיקר, אין ענגלאַנד. און פון דעם טיפּ „אַרבעטער פירער“, וועלכען דער „ריינער און פּשוט׳ער“ טרייד־יוניאָניזם האָט אַנטוויקעלט. ביז די נייַנציגער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט האָט מען אומעטום באַטראַכט די טרייד־יוניאָן באַוועגונג פאַר

א צווייג, כאָטש אַ צוריקגעשטאַנענעם צווייג, פון דער אַלגע־ מיינער אַרבעטער־באַוועגונג פאַר דער אַרבעטער באַפרייאונג. פאַר איבער צען יאָר צייט, האָט דעליאָן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבען מיט׳ן שטודיום פון דעם מין „גאָמפּערס יוניאָניזם״ און פון דעם מין „גאָמפּערסיסטישע אַרבעטער־פירער״ און עס איז פאַר זיין אַנאַליטישען פאַרשטאַנד קלאָר געוואָרען, אַז קיינער פון די צוויי מינים באַלאַנגט ניט צו דער אַרבעטער באַוועגונג. די „אַמעריי־ קאַנער אַרבעטער פעדעראַציע״ און אַלע אַנדערע „ריינע און פשוט׳ע״, ניט קלאַסענבאַוואוסטע יוניאָנס, וואָס זיינען געבויט געוואָרען אויף דער טעאָריע וועגען דער מעגלאַכקייט פון קאָ־ אָפּעראַציע פון קאַפּיטאַל און אַרבעט פאַר ביידענס טובה וועגען, וועמענס טעטיגקייט באַשטייט בלויז פון פאַרבעסערען די אַרבע־ טער־לאַגע אינ׳ם קאַפּיטאַליזם און וואָס שטעלען זיך ניט דעם ציל צו באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס פון לוין־שקלאַפעריי, זיינען אין אמת׳ן יוניאָנס פון און פאַר קאַפּיטאַל און געגען אַרבעט. און די פירער פון אַזעלכע יוניאָנס האָבען באַלד באַ־ קומען בא דעליאָנ׳ען דעם נאָמען „לייבאָר פייקערס״ (אַרבעטער פאַרפירער, אַרבעטער שווינדלער) — אַ נאָמען, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו זיי, ווי עס קלעפּען זיך געוויינלאַך אמת־כאַראַק־ טעריסטישע צונעמענישען. דער „לייבאָר פייקער״ איז אַן אַר־ בעטער פירער, וואָס באַנוצט זיך מיט דער טרייד־יוניאָן אָפּצו־ נאַרען די אַרבעטער און זיי פירען אין קאַפּיטאַליסטישען שלאַכט־ הויז.

נאָך 1900 איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דערהויבען גע־ וואָרען אין אַמעריקע. שילדערענדיג דעם דאָזיגען גיפטיגען אומקרוט פון „סאָציאַליסטישען״ רעפאָרמיזם און די דאַרבענדיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטיען פון אייראָפּאַ, איז דעליאָנ׳ען געלונגען צו באַווייזען, אַז די „ריינע און פשוט׳ע״ פּאָליטישע אַרבעטער־ באַוועגונג איז פונקט אַזוי שעדלאַך, ווי די „ריינע און פשוט׳ע״ עקאָנאָמישע אַרבעטער־באַוועגונג, אַז זיי זיינען פּאַקטיש פון דעמזעלבען מין. דער רעפאָרם־סאָציאַליזם מיט זיין פּראָגראַם־ מינימום און מיט זיין „קאָאָפּעראַציע פון קלאַסען״ האָט געשאַפען

דעם „סאָציאַל־פּאַטריאָט", פּונקט ווי די „פּיור ענד סימפּל" יוניאָן האָט פּראָדוצירט דעם „לייבאָר־פייקער". ביידענס אויפגאַבע איז אַראָפּצופירען די אַרבעטער פון׳ם וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — פון דעם איינציגען וועג, וואָס פירט צו דער דערלייזונג פון׳ם אַרבעטער־קלאַס. רעפאָרם פאַרנאַרט דעם אַר־בעטער אויף די לאַנקעם פון קאַפּיטאַליזם, צו קלייבען בלימלאַך וואָס פאַרוועלקען באַלד אין זיינע הענט.

די דאָזיגע צוויי פאַזען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג באַ־האַנדעלט דעליאָן אין דעם דאָזיגען בוך. ער באַנוצט זיך דערביי מיט צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע צו אילוסטרירען און קלאָר מאַכען די אוממעגלאַכקייט פון ערפאָלג פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, אַזוי לאַנג ווי די אַר־בעטער קאָנען פאַרפירט און אָפּגענאַרט ווערען צי פון׳ם עקאָ־נאָמישען, צי פון׳ם פּאָליטישען „לייבאָר־פייקער". „צוויי בלע־טער פון דער רוימישער געשיכטע" איז געוואָרען אַ קלאַסיש ווערק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און אין דער גאַנצער סאָ־ציאַליסטישער ליטעראַטור געפינט זיך נישט קיין בעסערע זאַמ־לונג פון רעוואָלוציאָנערע געבאָטען, ווי דעליאָנ׳ס „צען כּללים פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע", צום סוף פון צווייטען טייל פון דעם דאָזיגען ווערק.

די „צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע", זיינען צוויי לעקציעס, וואָס דעליאָן האָט געגעבען אין מאַנהעטען ליי־סעאום אין נויאָרק, מיטוואָך אָווענט דעם 2טען אַפּריל און מיט־וואָך אָווענט דעם 16טען אַפּריל, 1902, אונטער דער אויפזיכט פון דער נויאָרקער סעקציע פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי. די לעקציעס זיינען די פרוכט פון אַ ברייטער אויס־פאָרשונג פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון אַ טיפען שטודיום פון די באַדינגונגען און פאַסירונגען פון אונזער צייט.

אין אַ געוויסען זין איז די אַרויסגעבונג פון די צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע אין אידיש אַ יובליי־אויסגאַבע, ווייל יעצט ווערט פּונקט 25 יאָר זינט דעליאָן האָט די לעקציעס געהאַלטען.

נויאָרק, מאַי, 1927     אליוו מ. דזשאָנסאָן

# פלעבעער־פירער און ארבעטער־פירער

חברים פון דער ניו יאָרקער סעקציע!

עס איז באַלד זעכצען יאָר זינט די ארבעטער־באַוועגונג האָט מיך ארייַנגעצויגען אין איר ווירבעל־שטראָם. עס איז באַ צוועלף יאָר זינט מיין גאַנצע צייט און אלע מיינע געדאַנקען זייַנען איר געווידמעט. אַ געוויסער איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען אין דער סאַמע ערשטער צייט פון מיין פארבינדונג מיט דער באַוועגונג, איז באַ מיר געוואָרען אַלץ שטאַרקער מיט מיין וואַקסענדער ערפאַרונג. בדרך כלל טרעפט עס, אַז ווען אימיצער שליסט זיך אָן אין אזא גרויסער באַוועגונג מיט דער גאַנצער נאַטירלאַכער אונערפאַרענהייט, מיט וועלכער איך האָב זיך אין איר אָנגעשלאָסען אין יאָר 1886, זאָל ער, נאָך עטלאַכע יאָר טעטיגקייט געפינען פאַר נויטיג זיך צו באַפרייען פון אַ היבש ביסעל באַגריפען, מיט וועלכע ער איז געקומען צו דער באַוועגונג, און פון אַ היבש ביסעל איינדרוקען, וואָס ער האָט באַקומען אין אָנהויב. און דאָס איז אויך געווען דער פאַל מיט מיר. אָבער אין דעם חורבן פון אַלע פאַלשע מיינונגען, באַגריפען און אילוזיעס, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך, און אין דעם חורבן פון אַלע פאַלשע איינדרוקען, וואָס איך האָב באַקומען אין אָנהויב און וואָס די ערפאַרונג האָט מיך געלערענט, אַז מען דאַרף זיך באַפרייען פון זיי, איז געווען איין איינדרוק וואָס האָט זיך ניט ארויסגעוויזען פאַר פאַלש. פאַרקערט, יענער איינדרוק איז געוואָרען שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. און וואָס מער איך האָב שטודירט די באַוועגונג אין אַמעריקאַ און וואָס מער איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר — און ווי איר קאָנט פאַרשטיין, האָב איך אין די צוועלף יאָר געהאַט אויסערגעוועהנלאַכע מעגלאַכקייטען זי צו שטודירען און זיך צו באַקענען מיט איר — וואָס מער איך האָב זיך צוגעקוקט צו די געשעענישען אין אַנדערע לענדער, וואו די סאָציאַליסטישע און ארבעטער באַוועגונג איז

אקטיוו, אלץ פארשטארקט האט זיך בא מיר יענער ערשטער איינדרוק און אלץ בולט'ער איז ער געוואָרען. און דער דאָזיגער איינדרוק איז: אַז די סאָציאַליסטישע רעפּובליק — וואָס איז אַן אַנדער נאָמען פאַר דער „עמאַנציפּאַציע פון דעם אַרבעטער־קלאַס" — וועט קיינמאָל ניט ווערען קיין ווירקליכקייט, אויב מען זאָל ניט שענקען פיל מער צייט און נאָכדענקען געוויסע ליניען פון באַאָבאַכטונג, פון שטודירען און פון אַקטיוויטעט, וועלכע, ווי איך האָב אויסגעפונען, מען האָט ביז איצט פאַר־נאַכלעסיגט אָדער אַם ווייניגסטען, ניט אָפּגעשאַצט ווי עס באַ־דאַרף צו זיין.

דער תמצית פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, פון דער סאָציאַליסטישער פילאָזאָפיע איז אַ פשוט'ער. דאָס עקאָנאָמישע געזעץ וועגען טויש־ווערט און דאָס סאָציאָלאָגישע געזעץ וועגען דעם מענשען אַלס געצייג־נוצענדען באַשעפעניש קאָנען זייער קורץ פאָרמולירט ווערען. און די שלוסען, וואָס מען קאָן ציען פון זיי זיינען אויגענשיינלאך. דאָס ערשטע געזעץ באַווייזט, אַז דער מענש, וועלכער פּראָדוצירט מיט דער הילף פון געצייג, וואָס מאַכט זיין אַרבעט טייערער פון געזעלשאַפטליך נויטיגער אַרבעט, קאָן ניט ביישטיין אַנטקעגען אַ מענשען, וועלכער, פּראָדוצירענדיג מיט פאַרבעסערטע מאַשינעריע, גיט אַוועק ווייניגער אַרבעט אויף פּראָדוצירען געוויסע סחורות. דאָס צווייטע געזעץ, ווידער, באַווייזט אַז דאָס געצייג איז דאָס געווער פון מענשען'ס אויבערהערשאַפט איבער דער נאַטור: אַלס באַ־הערשער פון געצייג, שפּאַנט דער מענש איין די נאַטור אין זיין דינסט און באַשיצט זיין פרייהייט געגען זיינע מיטמענשען. אַן געצייג איז ער אַ שקלאַף פון יענעם, וואָס באַזיצט געצייג. דורך דער פאַראייניגונג פון די דאָזיגע צוויי געזעצען שטראַלט די פי־לאָזאָפיע פון סאָציאַליזם אויף מיט דעם העלען ליכט פון אַ ניט געקינסטעלטען אמת און אין אירע שטראַלען ערשיינט אין פולען גלאַנץ די סאָציאַליסטישע רעפּובליק ניט נאָר אַלס אַ „מקום מקלט", נאָר אַלס דאָס אמת'ע „פאַרשפּראָכענע לאַנד" פאַר דער מענשלאַכער ראַסע, וואָס איז ענדלאך פריי פון דעם קאָשמאַר פון קלאַסען־הערשאַפט.

די דאָזיגע טעאָריע אָדער פילאָזאָפיע קאָן אויסגעברייט ווערען; מיט ברייטערע און טיפערע פאָרשונגען קאָן מען זי אויסברייטען און פאַרטיפען; זי קאָן באַרייכערט ווערען דורך אריינדרינגען אין די פילפאַכע ענינים, וואָס צווייגען זיך אָפּ פון איר אָדער גיסען זיך צענויף מיט איר; שיין־רעדנער קאָנען זי מאַכען שפּאַנענד אינטערעסאַנט. דאָס איז אמת; און עס איז גוט ווען מען טוט עס. אַזאַ טעמאַ נויטיגט זיך אין אַלע אָנשטריינגונגען פון דעם דענקונגס אַפּאַראַט. אָבער אויך דאָס צווייטע איז אמת: אַז מיט אַלע אָנשטריינגונגען אין דער ריכטונג, ווען מיר זאָלען אפילו אָנהויפּען גאַנצע בערג מיט אָפּהאַנדלונגען וועגען די דאָזיגע ענינים און מיר זאָלען זיך אריינלאָזען אין די וואונדערבאַרסטע ראַפינירטקייטען פון דער וויסענשאַפט, וועלען מיר ניט בריינגען די סאָציאַליסטישע רעפּובליק אַ האָר נאָענטער צו איר פאַרווירקליכונג. פאַרקערט: די דאָזיגע נאָבעלע אָנשטריינגונגען קאָנען זי גאָר אומבריינגען: איך זאָג איבערלעגטערהייט: **קאָנען זי אומבריינגען.** סיידען אַז אינאיינעם מיט דעם זאָל מען טאָן נאָך עפּעס. און דאָס דאָזיגע „נאָך עפּעס" האָב איך ניט געפונען. עס האָט מיר געפעלט פון אָנהויב אָן און עס האָט מיר געפעלט די גאַנצע צייט. ווען אונזער פּאַרטיי־שיף האָט דערגרייכט אַלץ טיפערע און טיפערע וואַסערען, און אַלץ בייזערע און בייזערע כוואַליעס האָבען זיך אָנגעהויבען שלאָגען, האָב איך געהאַט די געלעגענהייט אַלץ שטאַרקער צו פילען, וויפיל צייט מיר האָבען פאַרלאָרען ווען מיר האָבען ניט געלערענט די מאַסען דאָס, וואָס איך האָב אין זינען; און דאָס איז, וואָס איך רוף: די **סטראַטעגיק** און די **טאַקטיק** פון דער באַוועגונג.

די ווערטער „סטראַטעגיק" און „טאַקטיק„ האָבען באַם עולם באַקומען אַ פאַלשען טייטש. געוויינלאַך אידענטיפיצירט מען זיי מיט שווינדעל, באַטרוג און פאַלשקייט. עס איז אמת, אַז סטראַטעגיק און טאַקטיק קאָנען ווערען אָט די אַלע זאַכען. אָבער שווינדעל, באַטרוג און פאַלשקייט זיינען ניט תמיד פאַרבונדען מיט סטראַטעגיק און טאַקטיק. נעמען מיר אַן אַרמיי, וועלכע

מאַרשירט אונטער אַ ברענענדער מיטאָג־זון, דירעקט אין אַ גליי־כער ליניע אויף דעם שונא׳ס פּעסטונגען און שטורעמט זיי. דאָ קאָן ניט זיין קיין פאַלשקייט, דאָ איז נישט פאַראַן קיין באַטרוג. דאָ קאָן קיין פראַגע ניט זיין וועגען נאַרעריי. אַלץ ווערט געטאָן דירעקט און אָפען. און דאָך מאַרשירט די אַרמיי לויט די כללים פון סטראַטעגיק און איר יעדע באַוועגונג איז אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּען פון טאַקטיק. אויב די אַרמיי זאָל פאַרנאַכ־לעסיגען די געזעצען פון סטראַטעגיק אָדער זאָל פאַרבויגען די פּרינציפּען פון טאַקטיק, וועט זי פאַרניכטעט ווערען.

סטראַטעגיק און טאַקטיק מיינט פשוט דאָס מיליטערישע וויסען פון דער טאָפּאָגראַפיע פון דעם טעטיגקייט־פעלד און פון די קאַמף־מיטלען.

סטראַטעגיק מיינט דאָס מיליטערישע וויסען פון דער שטאַרקייט, וואָס ליגט אין דעם דאָזיגען באַרג, און פון דער שוואַכקייט אין יענעם טאָל, כדי צו וויסען ווי צו פאַרכאַפּען דעם באַרג און אויסמיידען דעם טאָל; אָדער כדי צו וויסען, ווי אויס־צומיידען די קאַטאַסטראָפע פון אַן אומדערוואַרטעטען איבער־פאַל אויף אונז, אויב די סטראַטעגיש־שטאַרקע פּאָזיציע איז פאַרנומען פון שונא, אָדער ווי זיך גוט אַרומשאַנצען, אויב מיר געפינען זיך אין אַ סטראַטעגיש־שוואַכער פּאָזיציע. און פּונקט אַזוי מיינט טאַקטיק דאָס מיליטערישע וויסען וועגען שטאַרקייט און שוואַכקייט; בקצור, די אייגענשאַפטען פון די אַרמייען אונ־טער׳ן פייער, כדי מיר זאָלען קאָנען האַנדלען לויט די אומשטענ־דען. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג קאָן פאַרגליכען ווערען מיט אַן אַרמיי; און זי גייט איבער אַ פעלד, וואָס קאָן פאַרגליכען ווע־רען צו אַ פעלד איבער וועלכען אַן אַרמיי מאַרשירט. די סאָ־ציאַליסטישע באַוועגונג מוז, פאָלגליך, זיין באַקאַנט מיט דער מיליטערישער טאָפּאָגראַפיע פון דעם פעלד, אויף וועלכען זי אָפּערירט, און מיט דער טאַקטיק, וואָס איז נויטיג לויט די איי־גענשאַפטען פון דער אַרמיי, מיט וועלכער זי אָפּערירט.

דער צוועק פון די דאָזיגע צוויי לעקציעס איז ביז אַ געוויסען גראַד צו באַזייטיגען דעם מאַנגעל אין דעם דאָזיגען וויסען. פון

די צוויי לעקציעס וועגען „צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע“, וועט די צווייטע — „די ווארנונג פון די ברידער גראקכי“ — באהאנדלען די טאַקטישע שוואכקייט פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג און וועט דערמיט העלפען אָנווייזען אויף געוויסע באהאלטענע געפאַרען, וואָס דארפען אויסגעמידען ווערען. די ערשטע לעקציע, ווידער, — „פלעבעער־פירער און ארבעטער־פירער“ — האָט די אויפגאבע אָנצואווייזען אויף געוויסע סטראטעגיש־שטאַרקע פּאָזיציעס פון דעם קאפּיטאַליסטישען שונא און דערמיט ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף די געפאַרען, וואָס לויערען אויף אונז פון יענער זייט.

נאָך דער דאָזיגער איינלייטונג גיי איך איבער צו מיין טעמא.

## פלעבעער־פירער און ארבעטער־פירער

יעדער, וואָס ווארפט אַ בליק אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער ענגליש־ריידענדיגער וועלט, מוז באַמערקען — מיט צופרידענהייט, אָדער מיט אומצופרידענהייט, אָדער האַלב־צופרידען און האַלב אומצופרידען — אַ געוויסע ערשיינונג, וואָס איז אומבאַקאַנט אין אַנדערע אַרבעטער־באַוועגונגען, אַ חוץ אין די ענגליש־ריידענדיגע לענדער. נעמליך: ענגלאַנד, הויפּטזעכלאַך די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, קענעדע און אויסטראַליע. די ערשיינונג איז — דער „לייבאָר לידער“ אינאיינעם מיט דער פּאַך־אָרגאַניזאַציע הינטער אים. עס איז אין די אינטערעסען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון די ענגליש־ריידענדיגע לענדער צו ענטפערען אויף דער פראַגע, וואָס איך שטעל היינט אָוועקט אַוועק, אויב זי וויל פּטור ווערען פון די אילוזיעס, וואָס קאָנען פירען צו דער קאַטאַסטראָפע פון דער פאַריזער קאָמונע, אָדער קאָנען אַראָפּפירען פון וועג אַ גרויסע באַוועגונג. די פראַגע איז: וואָס איז די באַדייטונג פון דעם „אַרבעטער פירער“? וואָס פאַר אַ כחות פאַרמאָגט ער? און אויב ער פאַרמאָגט כחות, טאָ אין וועמענס אינטערעסען ווערען זיי אָנגעווענדעט? אין אַנדערע ווערטער: וואָס איז די סטראַטעגישע באַדייטונג פון דעם „לייבאָר לידער“ אויפ׳ן

פעלד פון דער מאָדערנער סאָציאַלער פראַגע? איז דאָס אַ באַרג־שפּיץ, וועמעס סטראַטעגישע פּאָזיציע איז אַ געווינס פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער זי איז ניצלאַך פאַר דער קאַפּיטאַ־ליסטישער סיסטעם?

מיר דאַרפען פּראָפיטירען פון דער ערפאַרונג פון די פריע־ריגע דורות. די געשיכטע האָט זיך ניט אָנגעהויבען מיט אונז, אַנדערע פעלקער זיינען געווען פאַר אונז, אַנדערע פעלקער וואָס זיינען שוין איצט טויט, האָבען געהאַט זייערע אייגענע סאָציאַלע פראַגען. כדי צו פאַרשטיין, וואָס עס קומט איצט פאָר, איז גוט אַ קוק צו טאָן און זען, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די פאַר־גאַנגענע צייטען אין שטאַטען, וועלכע זיינען שוין לאַנג פאַר־שוואונדען. אין זיין מערקווירדיגער בראָשורע „דער אַכצענטער ברומער", זאָגט קאַרל מאַרקס, אַז ווען איינער וויל פאַרטייטשען דאָס, וואָס קומט פאָר איצט, פּרואווט ער געפינען אַ פּאַראַלעל אין דער פאַרגאַנגענהייט; און אַז ער האָנדעלט אין דעם פאַל ווי איינער, וואָס פּרואווט לערנען אַ נייע שפּראַך: ער האַלט אין איין איבערזעצען די נייע שפּראַך אין זיין אייגענער; דערביי איז די נייע פּאַסירונג — די נייע שפּראַך; זיין אייגענע שפּראַך זיי־נען די פּאַסירונגען הינטער אים, וועלכע מען קאָן פאַלשטענדיג פאַרשטיין, ווייל זיי זיינען שוין פאַרענדיגט. כדי צו פאַרטיי־טשען די נייע שפּראַך פון די מאָדערנע ערשיינונגען, לאָמיר זיי צוריק איבערזעצען אין דער גוט באַקאַנטער שפּראַך פון פריערדיגע ערשיינונגען, וואָס מיר פאַרשטייען איצט פאַל־שטענדיג. מיר וועלען פאַרשטיין דעם נייעם טערמין „לייבאָר לידער", ווען מיר וועלען זיך דערמאָנען אן דער קאַריערע פון דעם אַלטען טערמין „פלעבעער־פירער" אין דער רוימישער גע־שיכטע.

דאָס בלאַט פון דער רוימישער געשיכטע, וואָס איך מיש איצט אויף, באַשעפטיגט זיך מיט אַ פּעריאָדע פון אַ 120 יאָר — לאָמיר זאָגען: אַ הונדערט יאָר. דאָס איז די פּעריאָדע פון אומגעפער 500 יאָר ביז אומגעפער 400 יאָר פאַר דער קריסטלא־כער צייטרעכנונג. זי הויבט זיך פאַקטיש אָן פון דער צייט,

ווען מען האָט פאַרטריבען די קעניגע. יענער רוים, וועלכער איז אונז אזוי גוט באקאנט; דער רוים, וואָס קען זיך ניט אָנזעטיגען מיט רויב און קימערט זיך ניט וועגען מענשלאכע לעבענס — יענער רוים פאָרמירט זיך אין פארלויף פון דעם יאָרהונדערט, וועגען וועלכען איך וויל זיך דורכריידען מיט אייך. ווען די קע־ניגע זיינען פארטריבען געוואָרען, זיינען די אלע סאָציאלע און פאָליטישע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך שפּעטער פארוואנ־דעלט אין דער פוריע, וואָס איז אונז אַזוי גוט באַקאָנט, נאָך גע־ווען בלויז אין א צושטאַנד פון אירונג. אין יענער פעריאָדע פון אומגעפער הונדערט יאָר פאָרמירען זיי זיך ערשט. ווען די פע־ריאָדע איז פארענדיגט, ערשיינט א דורכאוים נייע סאָציאל־פּאָ־ליטישע פאָרמאַציע. רוים, געטריבען ווי א פוריע פון זיין איי־גענעם זידענדיגען קעסעל, ווערט די פלאג פון דער וועלט און ענדיגט דערמיט, וואָס ער פארניכטעט זיך אליין. לאָמיר בא־טראכטען די דאַזיגע פּאָליטישע און סאָציאלע עלעמענטען. צום ערשטען — דער פּאָליטישער.

## דער פּאָליטישער מעכאַניזם

עס וועט ניט נויטיג זיין זיך אריינצולאָזען אין איינצעלהיי־טען וועגען די פונדאמענטאלע געזעצען פון רוימישען שטאאט. עס וועט זיין גענוג אָנצוצייכענען די הויפּט רעדער פון דעם פּאָ־ליטישען מעכאניזם און אָנצואווייזען זייערע הויפּט פונקציעס און אייגענשאפטען. דערביי וועל איך זיך באנוצען מיט מאָדער־נע אלגעמיין באקאנטע טערמינען.

די רעדער פון רוימישען פּאָליטישען מעכאניזם, וואָס אינ־טערעסירען אונז, זיינען:

די קאָנסולען.
דער סענאט.
די צענטוריען.
די פריסטער.

איר וועט זיך אפשר וואונדערען, ווי קומען פריסטער אריין

אין דער מאַשינערי פון אַ רעגירונג? מיר וועלען באַלד קומען דערצו.

באַנוצענדיג זיך ברייט מיט די מאָדערנע טערמינען, קען מען זאָגען, אַז די קאָנסולען זיינען געווען די עקזעקוטיווע מאַכט, דער סענאַט און די צענטוריען — די געזעצגעבענדע און די פריסטער-קאָרפּאָראַציע — די יורידישע מאַכט.

קאָנסולען זיינען געווען צוויי. זיי זיינען צוזאַמען יערלאַך געוויילט געוואָרען דורך אַן אָפּשטימונג פון פאָלק אין פאָרום.

דער סענאַט איז טעאָרעטיש באַשטאַנען פון 300 מיטגלידער. די סענאַטאָרען האָבען געהאַלטען זייערע עמטער לעבענסלענגלאַך. וואַקאַנסען זיינען אויסגעפילט געוואָרען אומגעפער ווי אין לאָרדען-הויז אין ענגלאַנד. זייערע געזעצגעבענדע פונקציעס זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט די דעה איבער די געזעצען וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען פון פאָלק. דער סענאַט האָט די געזעצען סאַנקציאָנירט אָדער האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו סאַנקציאָנירען.

די צענטוריען זיינען געווען מיליטערישע איינטיילונגען פון פאָלק, וואָס האָט געשטימט אין פאָרום. זיי האָבען געשטימט פאַר די געוויילטע באַאַמטע און האָבען אָנגענומען געזעצען, וואָס דער סענאַט האָט באַדאַרפט גוטהייסען. דער אייגענאַרטיגער אופן, ווי די צענטוריען האָבען געשטימט, איז וויכטיג פאַר אונזער טעמא. איך וועל וועגען דעם רעדען שפּעטער.

ענדלאַך — דאָס פריסטערטום. איך האָב געזאָגט אַז די פריסטער זיינען געווען די יורידישע מאַכט. זיי האָבען די מאַכט פאַרטראָטען אויף אַזאַ אופן: אויב אַ געזעץ אָדער אַ וואַל וואָס איז ניט געפעלען דעם הערשענדען קלאַס, איז דאָך דורכגעגאַנגען; אויב צוליב וועלכער ניט איז פון די טויזענט און איין אורזאַכען, וואָס זיינען מעגליך אין אַ געזעלשאַפט, וואו אַן אָליגאַרכישע מאַכט הילט זיך אין אַ דעמאָקראַטישען מאַנטעל, האָט דער הערשענדער קלאַס אין רוים באַטראַכט פאַר צוועקמעסיג נאָכצוגעבען אין פאָרום אָדער אין סענאַט-זאַל — אין יעדען פאַל אַזעלכען, פלעגט די פריסטער-קאָרפּאָראַציע, פאַר

דער באַקוועמליכקייט פון די הערשער, אַנטדעקען עפּעס אַ פעלער אין די נביאות, עפּעס אַ חסרון אין די קרבנות. דאָס האָט צונישט געמאַכט די וואַלען אָדער דאָס געזעץ, ווייל „די געטער זיינען געגען דעם". דער דאָזיגער פאַקט שטויסט אָן אויף אַן אַנדער פאַראַלעל — אַ פאַרגלייך צווישען דעם, וואָס עס פּאַסירט היינט אין דער אָרגאַניזירטער קירך און וואָס עס פלעגט פאָרקומען אין רוים. שטאַרק איז דער נסיון זיך צו פאַרקירעווען אָן אַ זייט און זיך פאַרנעמען מיט דעם פאַרגלייך. איך וועל אָבער ביישטיין דעם נסיון און וועל פאָרטזעצען.

## די סאָציאַלע באַדינגונגען

אָט דאָס איז געווען די פּאָליטישע מאַשינעריע פון דעם רוימישען שטאַט. און איצט וועגען סאָציאַלען געבוי. ווער האָט געדרייט די דאָזיגע פיר רעגירונג-רעדער און ווער איז פון זיי באַווירקט געוואָרען? מיין דערקלערונג וועגען די פּאָליטישע פונקציעס פון דעם פּריסטערטום האָט אָנגעדייט, אַז דאָס רוימישע פאָלק איז ניט געווען קיין איינאַרטיגע מאַסע, אז אין רוים איז געווען א הערשענדער קלאַס און א באַהערשטער קלאַס.

עס איז איבעריג צו דערציילען סאָציאַליסטען, אז אַזוי לאַנג ווי די מאַשינעריע פון פּראָדוקציע איז ניט אין קאָלעקטיווען באַזיץ פון פאָלק, מוז עקזיסטירען אַן ארבעטענדיגער קלאַס און אַ קלאַס פון ליידיג-גייער; עס מוז זיין אַ קלאַס וואָס האָרעוועט און געניסט ניט פון לעבען און עס מוז זיין א קלאַס, וואָס ארבעט ניט און געניסט יאָ; און דאָס געניסען און דאָס פּוסטעפּאַסעווען גייען האַנט אין האַנט מיט הערשאַפט, דאָס פּראַצעווען און ניט-געניסען פאַלען אויס אויפ'ן גורל פון די באַהערשטע. עס איז איבעריג דאָס צו דערציילען סאָציאַליסטען. עס איז זייער וויכטיג, אין פאַרבינדונג מיט אונזער ענין צו האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער ליניע פון קלאַסען-טיילונג אין רוימישען שטאַט.

דאָס רוימישע פאָלק האָט זיך געטיילט אין צוויי טיילען: פּאַטריציער און פּלעבעער.

# פאטריציער

מען קען גרינג דעפינירען די פאטריציער. זיי זיינען געווען דער נאָבעל־שטאַם פון רוים. זיי האָבען אָפּגעשטאַמט פון די אלטע פאַמיליעס, וואָס זיינען געווען קליין אין צאָל אין פארגלייך מיט דער איבעריגער באפעלקערונג. כאָטש איינ‏יגע פאטריצישע פאַמיליעס זיינען פאראָרימט געוואָרען, זיינען אָבער די פאט־ריציער, אינגאנצען גענומען, געווען גרויסע אייגענטום־באזיצער, אי פון לאַנד אי פון געלט. אלס נאָבעל־לייט זיינען די פאטריציער געווען די פאָליטישע הערשער.

# פלעבעער

דעפינירען דאָס וואָרט „פלעבעער" איז שוין שווערער. האקסלי באשולדיגט ערגעץ מילטאָנ'ען אַז אַ דאַנק אים איז איצט פאָפּולער דער פאַלשער באגריף וועגען דער וועלט־שאַפונג. ער באהויפּטעט, אַז די ריטם־שיינקייט און די מאַיעסטעטישקייט פון דער שפּראַך פון אַ געוויסען פערז אין „פּאַרלאָרענעם גן עדן" האָבען פאָפּולער געמאַכט אַ טעות, פון וועלכען די ציוויליזאַציע האָט זיך שוין לאַנג באַפרייט. און פונקט אויפ'ן זעלבען שטייגער קאָנען מיר ארויפוואַרפען אויף שעקספּיר'ן די פאראנטוואָרטליכ־קייט פאַר דער מיספאַרשטענדניש וואָס עקזיסטירט בנוגע דעם טייטש פון „פלעבעער". אין איינער פון שעקספּיר'ס גרויסע טראַגעדיעס — „קאָריאָלאַנוס" — געפינט זיך אַ געוויסע שטעלע מיט וועלכער די טראַגעדיע הויבט זיך כמעט אָן. אין ערשטען אַקט ווערט פאָרגעשטעלט אַ מחנה צובונטעוועטע רוימישע בירגער און איינער פון זיי ווענדט זיך אַזוי צום המון:

„אונז פאררעכענט מען פאר שלעכטע בירגער; די פאטריציער — פאר גוטע. דאָס מיט וואָס די מאַכט־האָבער פרעסען זיך איבער צום איבלען, וואָלט געווען א הילף פאר אונז; ווען זיי וואָלטען אונז געגעבען נאָר דאָס, וואָס איז איבעריג פאר זיי, איידער עס איז קאָליע געוואָרען, וואָלטען מיר געקענט דענקען, אַז זיי האָבען אונז מענשלאַך געהאָלפען; אונזער אָרימקייט, די אורזאַך פון אונזער עלענד, איז אַ מיטעל אונטערצושטרייכען זייער איבערפלוס; אונזערע ליידען זיי־

נען א געווינס פאר זיי. לאָמיר נקמה נעמען דערפאר, די געטער ווייסען אז איך רייד דאָס אוים הונגער נאָך ברויט, ניט אוים דאָרשט נאָך נקמה".

איך דענק, אז מיר האָבען פיל צו פארדאנקען דער דאָזיגער פאָרשטעלונג פון די פלעבעער אין שעקספּיר'ס דראַמע, וואָס דער אָנגענומענער באַגריף וועגען דעם פלעבעערטום איז, אַז ער איז באַשטאַנען פון די אָרימע, פון די אַרבעטער אין רוים, און וואָס דער דאָזיגער באַגריף ווערט אָנגעהאַלטען אפילו אין די שול-געשיכטעס. דאָ און דאָרט כאַפּט זיך ארוים אן אָנדייטונג, אַז עס זיינען געווען אויך רייכע פלעבעער, עס ווערט אָבער ניט קלאָר געמאַכט, אַז מיט'ן נאָמען „פלעבעער" האָט מען אין רוים ניט באַצייכענט מענשען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער לאַגע פון יענעם פלעבעער, וואָס שעקספּיער פירט ארוים אין זיין „קאָריאָלאַנוס", דאָס וואָרט „פלעבעער" האָט אין דער רוימישער שפּראַך געמיינט „מערהייט, מענגע". עס איז געברויכט געוואָרען אין געגענזאַץ צו די ווייניגע, צו די פּאַטריציער. אין אַנדערע ווערטער: עס איז געווען דער אַנטיטעזיס פון אָליגאַרכיע. די פּאַטריציער זיינען געווען די ווייניגע, די פלעבעער — די פילע. עס איז געווען ניט קיין עקאָנאָמישע אונטערשיידונג.

קיין עקאָנאָמישע ליניע פון טיילונג צווישען פּאַטריציער און פלעבעער האָט אין אמת'ן ניט עקזיסטירט. עס זיינען געווען רייכע — רייך אין לאַנד און אין געלט — צווישען די פלעבעער. עס זיינען וואַרשיינלאַך געווען מער גבירים צווישען די פלעבעער, ווי צווישען די פּאַטריציער. דער אונטערשייד צווישען די צוויי גרופען — פּאַטריציער און רייכע פלעבעער — איז באַשטאַנען אין דעם: ווען אַ פּאַטריציער האָט פאַרלאָרען זיין פאַרמעגען, האָט ער צוליב דעם ניט אָנגעוואוירען זיין הויכע שטעלונג; קינסטלאַכע סאָציאַלע אונטערשפּאַרעם האָבען אים געהאַלטען פעסט אין די פּאַטריצישע רייען; ער האָט אָנגעהאַלטען די פּאָליטישע אַטריבוטען פון זיין שטאַט-נאָבילימעט און מיט זייער הילף האָט ער געקענט צוריק געווינען זיין עקאָנאָמישע מאַכט; אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע פון דעם רייכען פלע-

בעער. דער פאַרלוסט פון פאַרמעגען האָט באַ איִם געמיינט אויך אַ פאַרלוסט פון זיין איינציגער מאַכט — די עקאָנאָמישע. אַ באַ־דייטענדער טייל פון די פּלעבעער האָט פולשטענדיג באַלאַנגט צו דעם זעלבען עקאָנאָמישען קלאַס מיט די פּאַטריציער, אַזוי אַז די רייכע פּלעבעער און פּאַטריציער האָבען געטיילט צווישען זיך דעם רויב, וואָס זיי האָבען באַקומען צוליב זייער עקאָנאָמישער מאַכט.

## קלאַסען־צוטיילונג

ווידער געברויכענדיג די היינטיגע, די מאָדערנע טערמינען, קען מען זאָגען, אַז דאָס פּלעבעערטום, די מערהייט, האָט זיך געטיילט אין דריי עקאָנאָמישע קלאַסען: די „בורזשואזיע", אָדער די גרויס־אייגענטום באַזיצענדיגע פּלעבעער, דער מיטעל־קלאַס־פּלעבעער און דער פּראָלעטאַרישער פּלעבעער; די לעצטע זיינען געוועזען די מאַיאָריטעט פון די פּלעבעער — אַן ארבעטער־קלאַס אָן וועלכען עס איז פאַרמעגען, וואָס איז געוועזען געצוואונ־גען זיך צו פאַרדינגען, כדי אָנצוהאַלטען די עקזיסטענץ. אין דער הינזיכט פון עקאָנאָמישע אָדער קלאַסען־אונטערשידען, האָט זיך, אַלזאָ, די רוימישע געזעלשאַפט ניט געטיילט אויף פּאַטריציער און פּלעבעער; די ליניע פון קלאַסען־טיילונג האָט זיך געצויגען צווישען פּאַטריציער און „בורזשואזע" פּלעבעער, פון איין זייט, און „פּראָלעטאַרישע" פּלעבעער, פון דער צווייטער זייט, מיט אַ „מיטעל־קלאַס" פּלעבער צווישען זיי. די פּאַטריציער און די „בורזשואזע" פּלעבעער האָבען באַזעסען די עקאָנאָמישע מאַכט, אָדער די מיטלען פון עקספּלואַטאַציע און האָבען בשותפות גע־ברויכט די דאָזיגע מאַכט: די „פּראָלעטאַרישע" פּלעבעער זיינען עקספּלואַטירט געוואָרען, דער „מיטעל־קלאַס" פּלעבעער איז אויסגעוואָרצעלט געוואָרען אויף'ן זעלבען אופן, ווי דער פּראָצעס גייט אָן אין אונזער צייט.

און וואָס זיינען געוועזען די עקספּלואַטאַציע־מיטלען? ניט מאַשינעריע. קיין מאַשינעריע, ווי מיר פאַרשטייען דאָס וואָרט איצט, האָט דעמאָלט ניט עקזיסטירט. אָבער די דעמאָלטדיגע

מיטלען פון עקספּלואַטאַציע זיינען דאָך געווען שטאַרק ענלאַך צו די מאָדערנע מיטלען. פּונקט ווי איצט האָט דער אייגענטימער פון אַ גרויסער פאַבריק די אויבערמאַכט איבער דעם באַזיצער פון אַ קליין פאַבריקעל און קען אים „אַרויסרויכערען" און אים אַריינ־שטויסען אין דעם פּראָלעטאַריער־קלאַס — פּונקט אַזוי האָט דע־מאָלט אין רוים דער באַזיצער פון אַ גרויסען מאַיאָנטעק געקענט פּראָדוצירען מער און מיט ווייניגער אויסגאַבען ווי דער לאַנד־אייגענטימער פון מיטעל־שטאַנד און דער קלענערער לאַנד־באַזי־צער האָט ניט געקענט בײשטיין די קאָנקורענץ און איז פּראָלע־טאַריזירט געוואָרען. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די מאַכט פון עקאָנאָמישער טיראַניי, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט אין דער אויסוואָרצלונג פון די קליינע לאַנד־באַזיצער — פון מיטעל־קלאַס — האָט אויך געפונען אַ דירעקטען אויסדרוק אין דער דירעקטער עקספּלואַטאַציע פון׳ם אַרבעטער און האָט די לאַגע — פריער פון דעם אַגריקולטורעלען און נאָכדעם פון׳ם שטאָ־טישען פּראָלעטאַריער געמאַכט אומדערטרעגלאַך. די ספּע־ציעלע קוואַלען פון דער וואַקסענדער עקאָנאָמישער טיראַניי און עקספּלואַטאַציע אין רוימישען שטאַט זיינען געווען די פאָלגענדע:

## די קוואַלען פון עקאָנאָמישער טיראַניי און עקספּלואַטאַציע

רוים האָט שטענדיג געפירט מלחמות. געוויינלאַך האָט זי די מלחמות געוואונען. דער דירעקטער רעזולטאַט פון די רוימי־שע זיגען איז געווען די פאַרגרעסערונג ניט נאָר פון דער רוימי־שער טעריטאָריע, נאָר אויך פון די מאַיאָנטקעס פון די גרויסע לאַנדבאַזיצער. די טעריטאָריע פון די באַזיגטע פעלקער אין איטאַליע איז צעטיילט געוואָרען צווישען די זיגער. טעאָרעטיש האָט די צעטיילונג באַדאַרפט געמאַכט ווערען אין גלייכע חלקים צווישען אַלע. פאַקטיש אָבער האָבען די גרויסע לאַנד־אייגענ־טימער, די פּאַטריציער און די בורזשואַזע פעלבעער, פאַרכאַפּט דעם גרעסטען טייל; דער מיטעל־קלאַס האָט באַקומען אַ שיבוש; די פּראָלעטאַריער האָט מען גאָרניט געגעבען. וואָס גרעסער די

לאַנד־פּאַרמעגענס זיינען געוואָרען, אַלץ אומזיכערער איז גע־וואָרען, אַלץ אומזיכערער איז געוואָרען די עקזיסטענץ פון דעם מיטעל־קלאַס.

און נאָך עפּעס, אַ טייל פון דער עראָבערטער טעריטאָריע איז תמיד געבליבען ניט צעטיילט. דאָס איז געווען קהל'יש איי־גענטום. אויף דעמדאָזיגען קהל'שען באָדען האָט, טעאָרעטיש, דאָס גאַנצע פאָלק געמעגט פּאַשען די בהמות. פאַקטיש אָבער האָבען די גרויסע גרונד־באַזיצער, די פּאַטריציער, און די בורזשואזע פּלעבעער, פאַרכאַפּט דאָס קהל'שע אייגענטום פאַר זייערע אייגענע סטאַדעס. אונטער דעם אויסרייד פון צייטווייליגען געברויך, פאַר וועלכען זיי האָבען געצאָלט דער רעגירונג אַ נאָמינאַלע סומע, וואָס איז אָפט אינגאַנצען ניט געצאָלט געוואָרען. האָבען זיי דעם קהל'שען באָדען געהאַלטען אין שטענדיגען באַזיץ, צום גרויסען שאָדען פון'ם מיטעל־קלאַס און, אין אייניגע פאַלען, אויך פון די פּראָלעטאַריער.

און נאָך. דער האַנדעל איז געווען שטאַרק אַנטוויקעלט אין רוים, און געלט איז געווען פון די וויכטיגסטע אַרטיקלען. די פּאַטריציער און די בורזשואזע פּלעבעער זיינען געווען ניט נאָר לאַנד־באַזיצער. זיי זיינען אויך געווען געלט־לייער, הויפּט־שינדערשע געלט־לייער. דער שטאַרק געדריקטער פאַרמער פון מיטעל־קלאַס האָט לייכט געפונען אַ פּאַטריצישען אָדער אַ בורזשואַז־פּלעבעאישען געלט־לייער, וואָס האָט געוואַרט אויף אים, גרייט „צו העלפען". דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט אים עקספּראָפּריאירט.

און ווייטער. אין דער אינסטינקטיווער לעכצעניש פון זייער קלאַס נאָך דעם פאַרמעגען פון'ם קליינעם אייגענטימער, האָבען די רוימישע גרויסע לאַנד־באַזיצער שנעל אַנטדעקט, אַז שטייערען זיינען אַן ערשט־קלאַסיג מיטעל פאַר זייער ציל. די אַלגעמיינע אינטערעסען פון די פּאַטריציער און פון די בורזשואַזע פּלעבעער האָבען זיי פאַראייניגט אין אַן אייגען בונד. די פּאַטריציער האָבען אַרויפגעלייגט די שטייערען ; די פּאַטריציער און די בורזשואַזע פּלעבעער האָבען די שטייערען קונציג אַרי־

בערגעלייגט אויף די פלייצעס פון די קליינע לאַנד־באַזיצער, דערמיט האָבען זיי דירעקט געשטויסען דערצו, אַז דער מיטעל־קלאַס זאָל הורטאַם אָפּגעווישט ווערען און זיי האָבען די מיטעל־קלאַס מענשען פאַרוואַנדעלט אין פּראָלעטאַריער.

עס איז געווען נאָך אַ פינפטער קוואַל פון עקאָנאָמישער אונטערדריקונג, וואָס האָט זיך ניט קלאָר געוויזען אין סאַמע אָנהויב, איז אָבער געוואַקסען און געוואַקסען און איז געוואָרען אַ שרעקלאַכער אומגליק, וואָס האָט זיך דירעקט אויסגעלאָזט צו די קעפּ פון די פּראָלעטאַריער. דאָס איז געווען די שקלאַפע־ריי. אינאיינעם מיט די טעריטאָריעס פון די באַזיגטע פעלקער האָט רוים אויך אַפּראָפּיאיר'ט די מענשען. אויף אַזאַ אופן האָ־בען די שטענדיג וואַקסענדע אין צאָל שקלאַפען־מחנות פאַר־פלייצט דעם רוימישען אַרבעט־מאַרק און עס איז געשאַפען גע־וואָרען אַ פראַגע פון „אַרעסטאַנטען־אַרבעט”. דער מיטעל־קלאַס האָט קיין מיטלען ניט געהאַט אַריינצולייגען אין דעם שקלאַפען־מאַרק, אָדער האָט קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו נוצען שקלאַפען. פּאַטריציער און בורזשואַזע פלעבעער זיינען עס געווען די, וואָס האָבען אַריינגעלייגט געלט אין דעם מסחר. און באַ אַזאַ איבערפלוס זיינען די שקלאַפען געווען ביליגער ווי פרייע אַרבעטער. מען האָט זיי געקויפט ביליג, מען האָט זיי באַהאַנדעלט ערגער ווי בהמות, מען האָט מיט זיי געאַרבעט וויפיל מען האָט נאָר געקענט און ווען מען האָט פון זיי אַרויס־געאַרבעט די נשמה, האָט מען זיי פאַרלאָזען און געלאָזט שטאַר־בען ווי די הינט. די געשיכטע פון שקלאַפעריי אין רוים איז דאָס שוואַרצסטע בלאַט אין דער וועלט־געשיכטע פון שקלאַפע־ריי. די שקלאַפען־מחנות האָבען דעם פּראָלעטאַריאַט אַרויס־געוואָרפען אין די גאַסען און אויף די שליאַכען.

און אַז דעם מיטעל־קלאַס פלעבעער איז שווער געוואָרען צו קאָנקורירען מיט'ן גרויסען לאַנד־באַזיצער, ווייל זיין פאַרמעגען איז געווען צו קליין און ווייל ער איז געווען אָפּגעשניטען פונ'ם קהל'שען באָדען און אַז ער איז געווען געצוואונגען אַוועק־צוגעבען די גרויסע לאַנד־אייגענטימער גרויסע טיילען פון זיינע

פּראָדוקטען אַלס הויט-שינדערשע פּראָצענטען אויף הלוואות און איז געפאַלען אונטער דער שווערער לאַסט פון שטייערען, האָט ער אָנגעהויבען ארוים פון די כלים. אין דערזעלבער צייט איז אַן אומרו אָנגעוואַקסען באַ די פּראָלעטאַרישע פלעבעער, וועמעס רייען זיינען אָנגעשוואָלען געוואָרען פון דעם „ארויסגערויכערטען" מיטעל-קלאַס און וועמעס אַרבעט איז געוואָרען נאָך ווערטלאָזער אַ דאַנק דער שטופענווייזער איינפירונג פון שקלאַפען-אַרבעט.

אָט דאָס איז געווען די לאַגע באַם אָנהויב פון דער פּעריאָדע אין דער רוימישער געשיכטע, וואָס מיר באַטראַכטען — אַרום פינף הונדערט יאָר פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג. אַן עקאָנאָמישער קאַמף, אַ קאַמף פאַר באַזייטיגען אַן עקאָנאָמישען אומרעכט, אַ קאַמף — ווי יענער פלעבעער אין שעקספּירס „קאַריאַלאָנוס" זאָגט — „אין הונגער נאָך ברויט" — בקיצור, אַ קלאַסענקאַמף, כאָטש באַ זיין סאַמע אָנהויב, האָט שוין גאַנץ בולט עקזיסטירט אין דעם רוימישען שטאַט. די ליניע פון קלאַסען-שפּאַלטונג האָט זיך שוין געזען קלאָר גענוג. האָט מען זי באַגריפען? ניין. פאַרוואָס? דאָס וועלען מיר באַלד זען. און מיר וועלען אויך זען די שוידערלאַכע רעזולטאַטען פון דעם פאַרזען.

די פּעריאָדע, וואָס מיר באַטראַכטען, איז די פּעריאָדע, אין וועלכער דער קלאַסענקאַמף אין דער רוימישער רעפּובליק באַוועגט זיך פון איין עטאַפּ צום צווייטען, ביז עס פאַרענדיגט זיך זיין ערשטע עפּאָכע, אָנהויב דעם יאָר 400 פאַר דער קריסטלאַכער צייטרעכנונג. נאַטירלאַך ווערט דער קאַמף פאָרטגעזעצט אויך נאָכדעם; דער דאָזיגער קאַמף קען אויפהערען נאָר דעמאָלט ווען הערשאַפט וועט אָפּגעשאַפט ווערען, וואָס מיינט, אין דעם קאָאָפּעראַטיווען שטאַט, אין דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק. אָבער אין יענער פּעריאָדע איז דער קלאַסענקאַמף געווען צעקרימט און צעדרייט און אָנשטאָט צו ווערען אַן אינסטרומענט פון מעגלאַכער באַפרייאונג, איז ער געוואָרען אַ געווער פאַר'ן קינפטיגען נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד. די דאָזיגע פּעריאָדע גייט דורך זיבען עטאַפּען.

# פלעבעער־פירער אין סענאַט

דער שטייגענדער רעוואָלט פון די פלעבעאישע מאסען גע־גען עקאָנאָמישער טיראַניי און עקספּלואַטאַציע האָט, נאַטירלאך, געבראַכט צו אַ פאַרבינדונג צווישען די פּאַטריציער און בורזשו־אַזע פּלעבעער. אָבער קיין איינהייט זיינען זיי דאָך ניט געווען. ביידע האָבען געהאַט די זעלבע עקאָנאָמישע אינטערעסען; זיי זיינען אָבער דאָך ניט געווען גלייך. פון איין זייט האָט דער פּאַטריציער געהאַט ספּעציעלע, אַריסטאָקראַטישע, פּאָליטישע פּריווילעגיעס; און דער בורזשואַזער פּלעבעער האָט געהאַט שטאַרקע אַמביציעס צו טיילען מיט אים די דאָזיגע פּריווילע־גיעס. און פון דער צווייטער זייט האָט דער בורזשואַזער פּלע־בעער, אַ דאַנק זיין גע'ירשנ'טען פּלעבעער־ראַנג, געהאַט דעם צוטרוי פון'ם פּלעבעאישען מיטעל־קלאַס און פּראָלעטאַריאַט, און האָט דורך דעם באַקומען די נויטיגע קוואַליפיקאַציעס זיך צו צו־שאַרען צו די „ברידער פּלעבעער". צוליב זיין גע'ירשנ'טען ראַנג האָט דער פּאַטריציער ניט געקאָנט האָבען דעם דאָזיגען צו־טרוי און האָט ניט געקאָנט פּאַרמאָגען די דאָזיגע נוצלאַכע איינגענשאַפטען. די דאָזיגע אומשטענדען האָבען געשאַפען ניט נאָר אַלגעמיינע אינטערעסען בײַ די צוויי גרופּען פון דעם רוי־מישען אויבערפירענדיגען קלאַס, נאָר אויך עפּעס וואָס זיי האָבען געהאַט צו פאַרהאַנדלען איינע די צווייטע. אויף אַזאַ אופן איז געשאַפען געוואָרען דער לייט־מאָטיוו פאַר דער טאַקטיק פון די דאָזיגע צוויי גרופּען — פאַראייניגטערהייט געגען יענע, וואָס זיי האָבען בשותפות עקספּלואַטירט, אָפּגעזונדערט איינע געגען דער צווייטער. פון דער טאַקטיק איז געבוירען געוואָרען דער פּלעבעער־פירער. נאַטירלאך, איז ער געווען אַ בורזשואַזער פּלעבעער.

דער ערשטער רעזולטאַט פון די ערשטע דונער־שאַלען פון דעם קלאַסען־רעוואָלט אין רוים איז געווען די ערשיינונג פון דעם פּלעבעער־פירער אין סענאַט. געקליבענע בורזשואַזע פּלעבעער, אויסגעקליבען פון די פּאַטריצישע קאָנסולען — און איר קענט פאַרשטיין, צוליב וועלכע איינגענשאַפטען זייערע מען האָט זיי

אויסגעקליבען—האָבען באַקומען די פּריווילעגיע צו זיצען אין סענאַט. אָבער דאָרט, צווישען די שטאָלצע פּאַטריצישע סענאַ־טאָרען, האָבען די פּלעבעער־פירער ניט געטאָרט קיין פּיפּס טאָן. די פּאַטריציער האָבען דעבאַטירט, די פּאַטריציער האָבען גע־שטימט, די פּאַטריציער האָבען אָנגענומען באַשלוסען. און ווען די פּאַטריציער זיינען פּאַרטיג געוואָרען, האָט מען זיך געווענדעט צו די פּלעבעער־פירער. אָבער אפילו דעמאָלט האָט מען זיי ניט ערלויבט צו געבען ווערכען עס איז צייכען מיט'ן מויל. זייערע מיילער האָבען געמוזט בלייבען פּאַרמאַכט; זייער מיי־נונג האָבען זיי אויסגעדריקט מיט די פיס. אז זיי האָבען א קלאַפּ געטאָן מיט'ן פוס, האָט עס געמיינט, אַז זיי שטימען איין; אַז זיי האָבען קיין קלאַפּ ניט געגעבען, האָט עס געהייסען, אַז זיי זיינען געגען; און עס האָט ווייניג אויסגעמאַכט, צי זיי שטי־מען יא איין אָדער זיי שטימען ניט איין, זייער מיינונג האָט געהאַט ניט מער ווערט ווי די טויטע קלאַנגען פון אונזער היינ־טיגען ארבעטער־פירער, וואָס איז אויסגעקליבען און אַוועקגע־זעצט געוואָרען דורך דער גנאָד פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון אַמעריקע, קאַנאַדע, ענג־לאַנד, אויסטראַליע, ניי־זעעלאַנד איינגעשלאָסען, וואו זיין איי־טעלקייט ווערט צופרידענגעשטעלט דורך דעם פּוסטען כבוד פון זיין פּראָטאָטיפּ, דעם פּלעבעער־פירער, די שטומע צוטשעפּעניש צום רוימישען סענאַט. און דאָס איז געווען דער „ערשטער שריט" צו דער עקאָנאָמישער פּאַרבעסערונג, וואָס דאָס פּראָלעטאַרישע פּלעבעערטום האָט געפאָדערט; דאָס איז געווען דער ערשטער „זיג" פון דעם עקספּלואַטירטען און טיראַניזירטען פּלעבעערטום.

## דער טריבון פון די פּלעבעער

מיט זיסע רייד קען מען דעם מאָגען ניט אָנפילען. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז די חבר'שאַפט פון די פּלעבעאישע פירער מיט די פּאַטריציער אין סענאַט האָט ניט פאַרגרינגערט קיין איינ־ציגע פון די עקאָנאָמישע לאַסטען, אויף וועלכע דער פּלעבעער האָט זיך געקלאָגט. מלחמות זיינען ווייטער געפירט געוואָרען

און, ווי פריער, האָבען זיי צוגעגעבען נייע חלקים צו די שוין אַזוי אויך גרויסע מאַיאָנטקעס, און האָבען געבראַכט נייעם קהל׳שען גרונד פאַר די גרויסע גרונד-באַזיצער צוזונעמען פאַר זייערע אייגענע בהמות, און האָבען פאַרגרעסערט די צאָל שקלאַפען, וואָס האָבען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די פרייע אַרבעטער. די וואַקסענדע אָרימקייט פון דעם מיטעל-קלאַס האָט פאַרגרעסערט די לאַסט פון זיינע חובות. שטייערען האָבען אים געשטויסען צום אונטערגאַנג. און די גאַנצע מאַסע האָט געדריקט דעם פּראָ-לעטאַריאַט. פאָדערונגען וועגען פאַרלייכטערונגען זיינען גע-שטעלט געוואָרען, האָבען זיך אָבער אָנגעשטויסען אָן טויבע אויערען. מען האָט געפאָדערט העכער און געמאָנט שטאַרקער. אַ צוזאָג איז געמאַכט געוואָרען, אַז מען וועט עפּעס טאָן נאָכ-דעם ווי אַ געוויסע מלחמה וועט זיין פאַרענדיגט. און דער צוזאָג איז פאַרגעסען געוואָרען פון סענאַט. ענדלאַך, נאָך אַ צווייטער מלחמה, איידער די פּלעבעער זיינען פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָ-רען פון דער אַרמיי, און נאָך אומערפאָלגרייכע פאַרהאַנדלונגען, האָט די באַרויבטע פּלעבעאישע מאַסע, אַ באַוואָפענטע, זיך צו-ריקגעצויגען צום „הייליגען באַרג“ און געסטראַשעט אויסצו-בויען אַן אייגענע שטאַט. דעמאָלט ערשט האָט דער סענאַט נאָכגעגעבען און האָט אָנגעהויבען ערנסטע פאַרהאַנדלונגען. דער רעזולטאַט איז געווען — דער טריבונאַט פון די פּלעבעער.

די טריבונען האָבען פאַרמאָגט אַ סך מאַכט. דער טריבון האָט געקענט צוימען דעם קאָנסול, בעת ער אַליין איז געווען אומבאַרירבאַר; ער האָט געקענט אַרויפלייגען זיין זיגעל אויף דער קהל׳שער קאַסע און אויף אַזאַ אופן אָפּשטעלען די רעדער פון דער גאַנצער רעגירונג-מאַשינעריע, און אַזוי ווייטער. אין אַנ-דערע ווערטער: דער טריבונאַט פון די פּלעבעער האָט פאַרמאָגט אַ גוואַלדיגען פּאָליטישען אַמט, אַן אַמט וואָס האָט ניט אריינגע-בראַכט קיין געהאַלט, און בלויז דער פּלעבעער-פירער האָט אַזאַ אַמט געקענט האַלטען. דער קונץ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פּלעבעער-פירער האָבען זיך באַנוצט מיט די עקאָנאָמישע ליי-דען פון פאָלק, כדי אַרויסצורייסען בײַ די פאַרטריציער פּאָליטישע

מאַכט פאַר זיך. די פלעבעער־מאַסען האָבען פאַרלאַנגט פאַרלייכ־
טערונג פון די חובות און ברויט; אָנשטאָט דעם האָבען זייערע
פירער געוואונען נייע כחות צו קעמפען זייערע אייגענע ספּעציע־
לע קאַמפען מיט די פּאַטריציער. און דאָס איז געווען דער צוויי־
טער „זיג“ פון די עקספּלואַטירטע און טיראַניזירטע פלעבעער.

## דאָס פּובלילישע געזעץ

דער טריבונאַט האָט זיך, נאַטירלאַך, אַרויסגעוויזן פאַר
פּונקט אַזוי פּרוכטלאָז בנוגע עקאָנאָמישע פאַרלייכטערונגען פאַר
דעם פאָלק, ווי די שטומע באַטייליגונג פון די פלעבעער־פירער
אין סענאַט — פּונקט אַזוי אומפּרוכטבאַר ווי אין אונזערע צייטען
די „ביוראָ פון ארבעט־סטאַטיסטיק“. און עס האָט ניט גענומען
לאַנג די פלעבעאישע מאַסען דאָס אויסצוגעפינען, פּונקט ווי עס
האָט ניט גענומען לאַנג די פלעבעער־פירער אויסצונוצען פאַר זיך
די נייע אומרוען. די פּרוכט פון די נעקסטע אומרוען איז געווען
דאָס פּובלילישע געזעץ.

איר וועט זיך דערמאָנען, אַז בעת איך האָב דערמאָנט די
צענטוריען, האָב איך דערקלערט, אַז זיי זיינען געווען אַ מין
„אונטער־הויז פון פאַרלאַמענט“. זיי זיינען געווען מיליטערישע
איינטיילונגען פון גאַנצען פאָלק. די באַפעלקערונג איז געווען
איינגעטיילט אין צענטוריען לויט דער רייכקייט — רייכקייט אין
לאַנד. די רייכסטע בירגער האָבען באַלאַנגט צו דער ערשטער
צענטוריע די וואָס זיינען געקומען נעקסט אין רייכקייט — צו
דער צווייטער, און אַז. וו. ווי געוויינלאַך אין אַזעלכע פאַלען,
זיינען די רייען געווען אַם שיטערסטען אין דער ערשטער צענ־
טוריע; אין דער צווייטער, וואו עס זיינען געווען ניט אַזעלכע
רייכע מענשען, איז די צאָל מיטגלידער געווען גרעסער, און אַזוי
איז עס אַלץ געגאַנגען ביז דער זיבעטער אָפּטיילונג פון פּראָלע־
טאַריאַט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאַרמעגען און איז געווען
די צאָלרייכסטע גרופּע. און ווי עס קומט געוויינלאַך פאַר דאָרט,
וואו אייגענטום באַשטימט דעם ראַנג פון מענשען, איז די צאָל
שטימען פון די באַזונדערע צענטוריען ניט געווען גלייך און ניט

פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל מיטגלידער אין יעדער. אַלע צענטוריען צוזאַמענגענומען האָבן געהאַט 193 שטימען. אָבער די ריטער, אַ מין צענטוריע, וואָס האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אויף דער ליסטע און די נאָמינעל ערשטע צענטוריע האָבן געהאַט זיבן און ניינציג שטימען, איבערלאָזענדיג זעקס און ניינציג שטימען פאַר אַלע איבעריגע. די סיסטעם פון שטימען האָט שאַרף אונטערגעשטראָכן די אויבערמאַכט פון די ריטער און פון דער ערשטער צענטוריע. די דאָזיגע צוויי האָבן געשטימט צום ערשטען. אויב זיי האָבן איינגעשטימט, איז מען זיך שוין באַגאַנגען אָן די אַנדערע. נאָר אין אויסנאַם-פאַלען, ווען די ריטער און די ערשטע צענטוריע האָבן ניט געקענט איינשטימען, האָט מען זיך באַנוצט מיט'ן שטימרעכט פון די אַנדערע. עס איז קלאָר, אַז ווי שטאַרק פאַרטראָטען דער עלעמענט פון דעם פלעבעער-פירער איז ניט געווען אין די העכערע, קאָנטראָלירענדע צענטוריען, זיינען באַ אים דאָרט די הענט דאָך געווען געבונדען און די פאַטריציער האָבן אים געקענט באַהערשען. עס איז אויך קלאָר, אז די פלעבעער-פירער האָבן זיך געמוזט רעכענען אין זייערע מאַניפולאַציעס מיט דעם פּראָלעטאַרישען פלעבעערטום אין די אויסנאַם-פאַלען, ווען די העכערע צענטוריען האָבן זיך ניט געקענט אייניגען און די פּראָלעטאַריער האָבן באַדאַרפט שטימען. די פלעבעאישע פירער האָבן געזוכט מיטלען, ווי פּטור צו ווערען פון ביידערליי אומבאַקוועמליכקייטען. זייער ציל האָבן זיי דערגרייכט דורך דעם פּובלילישען געזעץ, וואָס זיי האָבן געצוואונגען דעם סענאַט צו באַוויליגען אונטער'ן דרוק פון אַ העפטיגער פאָדערונגען פון פאָלק אים צו געבען ברויט און צו פאַרקלענערען זיינע חובות.

און וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס פּובלילישע געזעץ?

עס איז געווען אַ געזעץ, וואָס האָט געגעבן די ראַטען פון די פלעבעאישע גרונד-אייגענטימער דאָס רעכט פאָרצושלאָגען געזעצען. דערמיט זיינען די ראַטען געוואָרען שותפים צו די רעכט

פון די צענטוריען. אויף אזא אופן האָבען די פּלעבעער־פירער מיט איין קלאַפּ זיך באַפרייט אי פון דער אויבערהערשאַפט פון די פּאַטריציער, אי פון דער נויטיגקייט זיך צו רעכענען מיט׳ן פּראָלעטאַריאַט באַם פאַרשלאָגען געזעצען ; אַ געוואַגטער צוג אין דער ריכטונג פון גלייכהייט אַרויף־צו און פון טיראַניי אַראָפּ־צו — דער דריטער „זיג“ פון דעם טיראַניזירטען און עקספּלואַטירטען פּלעבעערטום.

## דער דעצעמווירעט

צוואַנציג יאָר נאָכדעם, ווי עס איז אָפּגעפּייערט געוואָרען דער נאָר וואָס באַשריבענער שאָס, זיינען די אומשטענדען געווען רייף פאַר א צווייטען. אין אמת׳ן האָבען זיך די באַדינגונגען קיינמאָל ניט געענדערט : עס איז נאָר געווען אַ צייטווייליגע איינשטילונג פון שטורם בעת מען האָט געוואַרט אויף די „גוטע“ רעזולטאַטען פונ׳ם לעצטען „זיג“. די רעזולטאַטען האָבען גע־פעלט. און דער פּלעבעער־פירער, וועלכער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן דעם פּאַטריצישען ווידערשטאַנד באַ יעדען פּלעבעאישען פאַרזוך צו באַקומען פּאַטריצישע פּריווילעגיעס, האָט נאָר באַ־דאַרפט געבען דעם סיגנאַל, דער שטורם זאָל ווידער אויסברעכען. דער סיגנאַל איז געגעבען געוואָרען און דער שטורם האָט אויף דאָס ניי אויסגעבראָכען. אין דעם שטורם זיינען די פריערדיגע מאַגיסטראַטען אונטערגעגאַנגען. די קאָנסולען, דער פּלעבעאי־שער טריבונאַט און די פּלעבעאישע ראַטמענער — אַלץ איז אָפּ־געווישט געוואָרען, און אַ „דעצעמווירעט“, אַ רעגירונג פון צען פּערזאָן, האָט פאַרנומען זייער פּלאַץ. די פּלעבעער־פירער איז מיאוס געוואָרען צו גיין אויף די אויסגעטראָטענע וועגען פון די אַלטע מעטאָדען, באַגרינדעט אויף די אַלטע אינסטיטוציעס, און זיי האָבען באַשלאָסען אינגאַנצען „איבערצוטאַשען די קאָרטען“, אַזוי צו זאָגען, ווייל דאָס איז געווען א גרינגערער וועג צו זייערע פּריוואַטע צילען. ביז אַ געוויסער גראַד איז עס זיי געלונגען. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון רוים זיינען די פּלעבעער־פירער געוואָרען מאַגיסטראַטען און האָבען פאַרמאָגט דיזעלבע

מאַכט, ווי זייערע פּאַטריצישע חברים. צווישען די צען פּערזאָן אין דעם דעצעמווירּאַט זיינען צוויי געווען פלעבעער-פירער. אָבער באַלד טאַקע נאָכ'ן זיג האָט מען אנטדעקט זיין ווערטלאָ-זיגקייט. ניט נאָר האָט די פּאַטריצישע מאַיאָריטעט באַהאַנדעלט מעשה הערשער די פלעבעאישע פאַרטרעטער אין דעצעמווירּאַט, נאָר האָט נאָך דערצו געפונען אַ געלעגענהייט אונטערצושטריי-כען איר ראַנג-יחוס.

אָן אומגעשריבען געזעץ האָט פאַרבאָטען געמישטע חתונות פון פּאַטריציער און פלעבעער. די פּאַטריצישע מאַיאָריטעט אין דעם דעצעמווירּאַט האָט אָן ספק געפילט, אַז דער שטראָם פון דער בורזשואַזער אריינדרינגונג איז אַ געפאַר פאַר דער פּאַטרי-צישער איבערהערשאַפט, און האָט באַשלאָסען אויפצושטעלען אַ דאַמבע. זי האָט געמאַכט אַ געשריבען געזעץ פון דעם אומגע-שריבענעם פאַרבאָט אויף געמישטע פּאַטריציש-פלעבעאישע חתונות. דאָס האָט פאַרזיגעלט דעם טויט-אורטייל פון דעם דע-צעמווירּאַט. אַזוי ווי די ברענענדיגע עקאָנאָמישע פראַגען זיינען אין יענער צייט, פּונקט ווי פריער, געבליבען אינגאַנצען ניט פאַרענטפערט, האָט זיך געפאָדערט זייער ווייניג אנשטרענגונג אויף דאָס נייע ארויסצורופען אַ רעוואָלט בּאַ די פלעבעאישע מאַסען און דער רעזולטאַט איז געווען דער אונטערגאַנג פון דעם דעצעמווירּאַט.

## דאָס וואַלעריא-האָראַציאַנישע געזעץ

דער דאָזיגער עטאַפּ אין דעם פּאַטריציש-פלעבעאישען קאַמף טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דעם וואַלעריא-האָ-ראַציאַנישען געזעץ, וואָס האָט רעסטאַווירט די פריערדיגע רע-דער פון דער רעגירונג-מאַשינעריע, אינאיינעם מיט די פלעבעאי-שע טריבונען און האָט פאַרגרעסערט זייער מאַכט, האָט אָבער נאָך אַלץ געלאָזט, ווי פריער, אומבאַרירט די עקאָנאָמישע צרות פון דיזעלבע מאַסען וואָס מען האָט אויסגענוצט צו געווינען פּאָ-ליטישע פּריווילעגיעס פאַר די פלעבעער-פירער. אויף אַזאַ אופן זיינען פאַרצייכענט געוואָרען נייע „זיגען" פאַר דעם ליידענדען

פאָלק און מען האָט וועגען די „זיגען" געטומעלט פאַר די פאַרכשופ'טע פלעבעאישע מאַסען פון די רעדנער טריבונען אין פאָרום — פונקט ווי אין אונזער צייט זעען מיר דעם ארבעטער-פירער, וועלכער זאַמעלט אָן אוצרות דורך סטרייקס און אַנדערע מיטלען, דרשנ'ענדיג וועגען זיינע געוואַלדיגע אויפטוען פאַר דער הונגערענדיגער מחנה אַרבעטער, וואָס הערען אים מיט אָפענע מיילער.

## דאָס קאַנולעאישע געזעץ

דאָס וואַלעריאַ-האָראָציאַנישע געזעץ איז געווען נאָר אַ פאָרשפּיל, נאָר א צוגרייטונג-שריט. דאָס הייראַט-געזעץ האָט דעם עלעמענט פון פלעבעער-פירער געשטאָכען ביז דער זיבעטער ריפּ, און ער האָט זיך געריסען צו פולער גלייכקייט און פאָליטישע פריווילעגיעס. אַ ביטערער קאַמף האָט זיך באַלד אָנגעהויבען מיט'ן שטילען צוועק אָפּצושאַפען די הייראַט-באַשרענקונגען און צו שאַפען פאַר די פלעבעער-פירער אַ צוטריט צום קאָנסול-אַמט. אָבער אָפען געטומעלט האָט מען דערביי וועגען דער אומגערעכטער צעטיילונג פון גרונד-אייגענטום, וועגען דער הויט-שינדעריי פון די פראָצענטניקעס און וועגען די פלאָגען, פון וועלכע דער פראָלעטאַריאַט האָט געליטען. די פאַטריציער האָבען ארויסגעוויזען אַ פאַר'עקשנ'טען ווידערשטאַנד. דער רעזולטאַט איז געווען אַ קאָמפּראָמיס און דער קאָמפּראָמיס איז פאַרקערפּערט געוואָרען אין דעם קאַנולעאישען געזעץ.

די פאַטריציער האָבען נאָכגעגעבען דעם פונקט וועגען די חתונות, האָבען זיך אָבער אַרויסגעדרייט פון דער פראַגע וועגען קאָנסולען. דאָס קאָנסולען-אַמט איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. אַנשטאָט דעם האָט מען איינגעפירט דעם אַמט פון „מיליטערישע טריבונען מיט דער מאַכט פון קאָנסולען". וואָס דאָס מיינט, האָבען די פלעבעער-פירער נאָך ניט באַגריפען. זיי האָבען געגלויבט, אַז זיי האָבען געוואונעןביידע פאָדערונגען. און ווען דאָס קאַנולעאישע געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, האָבען זיי צוריקגערופען זייער „מלחמה-הונט", דאָס פלעבעערטום. און דאָס איז געווען

דער זעקסטער „זיג“ פון דעם עקספּלואַטירטען און טיראַניזירטען פּלעבעערטום. באַנוצענדיג פּאַר אַ וואָפען די עקאָנאָמישע נויט פון די מאַסען, האָט דער פּלעבעער־פירער עלעמענט, וואָס האָט אַליין געשאַפען די נויט און פּראָפיטירט פון איר, געוואונען דאָס רעכט אויפ׳ן קאָנסול־אַמט און אויך די פּריווילעגיע צו פאַרקוי־פון זיינע טעכטער צו יחוס׳דיגע פּאַטריציער. די פּלעבעאישע מאַסע האָט פאַרלאַנגט ברויט. און אונטער דעם קלאַנג פון דער טרויער־מוזיק האָט דער פּלעבעער־פירער באַקומען די פּריווילע־גיע צו זיין אַ שווער פון פּאַטריצישע יונגעלייט; דאָס דערמאָנט שטאַרק אָן אונזערע איצטיגע ארבעטער־פירער וועלכע ווערען, אונטער דער באַגלייטונג פון זינקענדיגע פאַרדינסטען און פאַר־טיפטע ליידען פון דעם ארבעטער קלאַס, קוואַליפיצירט „צו האַל־טען זייערע פיס אונטער מאַהאָגאָני“ און איינגעלאַדען צו ווערען צו באַנקעטען פון קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַטאָרען.

## קאַסיוס און מאַנליוס

צווישען דעם קאָנולעאישען געזעץ און דעם נעקסטען עטאַפּ — דעם ליציניש ען געזעץ — פאַרגייט אַ לייגערע צייט, ווי די, וואָס האָט אָפּגעטיילט די פריערדיגע עטאַפּען פון דער דאָזיגער עפּאָכע אין דער רוימישער געשיכטע. די שטרייטענדיגע צדדים האָבען אין דער צווישענצייט אָנגעזאַמעלט אַלע זייערע כחות פאַר אַ לעצטען און אנטשיידענעם קאַמף. די ליניע, אויף וועלכער דער קאַמף איז געפירט געוואָרען, איז געווען פּונקט דיזעלבע אין דעם פאַל, ווי אין די פריערדיגע. צוויי אינצידענטען פון די דאָזיגע ערשטע פופציג יאָר שטרייכען גאַנץ שטאַרק אונטער די וויכטיגקייט פון די פּאַסירונגען.

זינט דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען זיינען נאָר צוויי מאָל געמאַכט געוואָרען פאַרשלאָגען, וואָס האָבען געצילט צו פאַר־גרינגערען די עקאָנאָמישע ליידען און באַזייטיגען זייערע אור־זאַכען. אין אַנדערע ווערטער, ניט מער ווי צוויי מאָל האָט מען פאָרגעשלאָגען עפּעס, וואָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט די פראַגען, וואָס די פּלעבעער־פירער האָבען אויפגעהויבען. ביידע

פאַרשלאָגען זיינען געקומען פון די פּאַטריציער. און אין ביידע פאַלען האָט מען די נאָבעלע פאַרשלאָג־מאַכער מקריב געווען אויף דעם מזבח פון דעם פּלעבעער־פירער עלעמענט, וועלכער האָט איבערגעשטיגען די פּאַטריציער אין זיין גרויזאַמקייט באַם „ראַטעווען די רעפּובליק" — פּונקט ווי אונזער היינטיגער אַרבעטער־פירער שטייגט איבער דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אין זיין האַס צום סאָציאַליסט.

דער ערשטער פאַל איז דער פאַל מיט ספּוריוס קאַסיוס. קאַסיוס איז ניט געווען קיין געוויינלאַכער פּאַטריציער. ער האָט אָפט געפירט די רוימישע לעגיאָנען צום זיג; גרויס זיינען געווען די לענדערייען, וואָס זיינע מיליטערישע פייאיגקייטען האָבען צוגעגעבען צו דער רוימישער טעריטאָריע, און צוויי מאָל איז ער, אין פאָראויס פון זיין ארמיי, מיט זיין מלחמה־רויב געטראָגען פאַר אים, געפאָרען אין אַ טריאומף־מאַרש איבער די גאַסען פון רוים אָפּצוגעבען אַ לויב צום קאפּיטאָלינישען יופּיטער — ווייט ניט קיין געוויינלאַכע אויסצייכנונג אין רוים. קאַסיוס האָט פאַרשטאַנען אַז קיין איינציגס פון די געזעצען, וואָס די פּלעבעער־פירער האָבען דורכגעפירט, האָט ניט אָנגערירט דעם קוואַל פון די צרות. דעם איבעל האָט מען געדאַרפט אָנגרייפען באַם וואָרצעל. ניט קוקענדיג אויף זיינע פּאַטריצישע עקאָנאָמישע אינטערעסען, האָט ער פאָרגעשלאָגען אַ געזעץ אויף דאָס ניי צו צעטיילען דעם באָדען און אָנגענומען מיטלען געגען אַ נייער אומגלייכהייט אין רייכקייט, וועלכע, ווי ער האָט פאָראויסגעזען, טרייבט רוים צום ראַנד פון אָפּגרונט. די קלאַסען־אינטערעסען האָבען אָנגעהויבען אַ קאַמף. אין געשלאָסענע רייען זיינען די פּאַטריציער און די פּלעבעער־פירער אויפגעשטאַנען געגען דעם מוטיגען רעפאָרמער. קאַסיוס און זיין געזעץ זיינען אומגעקומען דערטרונקען אין זיין בלוט.

דער צווייטער פאַל איז נאָך טראַגישער. די קעלטישע אריינדרינגונג האָט זיך ווי א שטורם דורכגעטראָגען איבער איטאַליע און האָט פאַרפּלייצט רוים. די איינוואוינער זיינען זיך צעלאָפען צו די באַפעסטיגסטע שטעט צו דרום און מזרח. די קעלטען האָבען

אויפגעשטעלט זייער לאַגער אין די גאַסען פון רוים. נאָר איין שטיקעל פלאַץ איז געבליבען ניט פאַרנומען פון דעם שונא. דאָס איז געווען דער קאַפּיטאָלינישער באַרג. דאָרט האָט אַ פּאַטרי־ציער, מאַרקוס מאַנליוס, זיך באַפעסטיגט מיט אַ קליינער צאָל העלדישע מיטקעמפער, האָט צוריקגעשלאָגען אַלע אַטאַ־קעס און האָט זיך געהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז די קעלטישע רויבער האָבען מידע און אַנטמוטיגע זיך צוריקגעצויגען און האָבען זיך פון דעמאָלט אָן שוין מער ניט באַוויזען פאַר די ווענט פון רוים, סיידען אַלס קריגס־געפאַנגענע.

מאַנליוס, וועלכער האָט פאַר זיין העלדענטאַט באַקומען דעם צונאָמען „קאַפּיטאָלינוס", האָט איין מאָל דערזען, ווי מען שלעפּט אין געפענגניש פאַר אַ חוב איינעם פון די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געקעמפט אינאיינעם מיט אים. האָט ער אָפּגעשטעלט די געזעץ־היטער, האָט אויסגעליידיגט זיין בייטעל צו באַפרייען דעם אָרעסטירטען פלעבעער און האָט דערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער פאַרמאָגט נאָך אַ פּרוטה, וועט קיין רוימער ניט ליידען קיין נויט. זיין שטעלונג און זיינע פאָרשלאַגען זיינען געווען אַ דירעקטע קריגס־אַרויספאָדערונג צו דעם קלאַס אייגענטימער. די פלעבעער־פירער האָבען ווידער געפּרואווט איבערשטייגען די פּאַטריציער אין „פּאַטריאָטיזם" און אין רעספּעקט פאַר די גע־זעצען פון לאַנד". מען האָט מאַנליוס'ן געכאַפּט און אים אַראָפּגע־שליידערט פון דעם טאַרפּייאישען פעלז — פון דעם שטאַמט דאָס ווערטעל: 'ס איז נאָר איין טריט פונ'ם קאַפּיטאָלינישען באַרג צום טאַרפּייאישען פעלז", פון רום צו מאַרטירערטום.

## דאָס ליציניש געזעץ

אין די פופציג יאָר, וואָס זיינען פאַריבער צווישען דעם אָננעמען פון דעם קאָנולעאישען געזעץ ביז'ן איינפירען דאָס ליצינישע געזעץ, האָט רוים געמאַכט דעם גרעסטען פּראָגרעס אין אויסברייטערען איר טעריטאָריע. די מלחמות זיינען געווען צאָלרייך און ערפאָלגרייך; און דער רוב איז געווען פּראָפּאָר־ציאָנעל גרויס. נאַטירלאך האָט זיך דערמיט באַנוצט דער פלע־

בעער־פירער עלעמענט. דער שרעק פאַר דער אויסזיכט פּראָ־לעטאַריזירט צו ווערען איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק באַם מיטעל־קלאַס און קיינמאָל פריער האָט דער עלענד פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט ניט דערגרייכט אַזאַ שטופע. די פלעבעער־פירערשאַפט האָט זיך אויפ׳ן העכסטען אופן באַנוצט מיט דער עקאָנאָמישער נויט און נאָך פיל רייסערייען האָט זי אויסגעאַר־בעט דאָס ליצינישע געזעץ און האָט עס דורכגעפירט.

דאָס ליצינישע געזעץ איז אַ מין פּראָגראַם מיט 6 פונקטען:

1. צוריק איינפירען דעם קאָנסולען־אַמט.

2. אַם ווייניגסטען איינער פון די צוויי קאָנסולען זאָל זיין אַ פלעבעער.

3. מען זאָל די פלעבעער אריינגעמען אין דער פּריסטער־קאָרפּאָראַציע.

4. באַשרענקען די צאָל בהמות אויפ׳ן קהל׳שען פּאַשע־באַדען און דעם חלק פון ניי־עראבערטען לאַנד. פון איינצעלנע לאַנד־אייגענטימער.

5. די צאָל פרייע ארבעטער אויף יעדען לאַנד־גוט זאָל זיין אין פּראָפּאָרציע צו דער צאָל שקלאַפען.

6. פאַרלייכטערען די לאַגע פון די בעלי־חובות.

איר וועט באַמערקען, אַז די ערשטע דריי פאָדערונגען זיינען פּאָליטישע, די לעצטע — עקאָנאָמישע. די ערשטע דריי האָבען געקענט דורכגעפירט ווערען אַזוי שנעל ווי דאָס געזעץ ווערט אָנגענומען; כדי איינצופירען אין לעבען די עקאָנאָמישע רעפאָר־מען, האָבען זיך געפאָדערט באַזונדערע געזעצען אַלס צוגאָב. איר וועט אויך באַמערקען, אַז די ערשטע דריי רעפאָרמען האָבען מיט דעם וואָרצעל אויסגעריסען די עקזיסטירענדע פּאָליטישע אומ־גלייכהייט צווישען די פּאַטריציער און פלעבעער. מיט׳ן אָננעמען פונ׳ם ליצינישען געזעץ וואָלט דער פלעבעער־פירער באַפעסטיגט זיין עקאָנאָמישע מאַכט מיט יענע פּאָליטישע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען נויטיג געווען פאַר איר זיכערקייט. און האָט געקענט טיי־לען מיט׳ן פּאַטריציערטום די טאָפּעלטע מאַכט פון עקאָנאָמישער

עקספּלואַטאַציע און פּאָליטישער אוזורפּאַציע, צוזאַמען מיט דער נוצלאָכער פּריווילעגיע, ווען נויטיג צו אַנטדעקן „פּעלערען אין נביאות“ און „דעפּעקטען באַם ברענגען קרבנות“. פון דער צווייטער זייט אָבער וואָלטען די דריי עקאָנאָמישע רעפאָרמען, אפילו ווען מען וואָלט זיי דורכגעפירט, אין יענער צייט געקענט זיין נאָר אַ צייטווייליגע רפואה, אי דאָס נאָר פאַר אַ קליינער צאָל ליידענדע. זיי האָבען ניט אָנגערירט די עקאָנאָמישע קלאַסען־אומגלייכהייט און האָבען דעריבער ניט פאַרמינערט די מאַכט פון עקספּלואַטאַציע.

די פּאַטריציער האָבען דאָס פאַרשטאַנען. זיי האָבען אַלע געוואוסט אַז פאַר זיי איז דאָס אַ פראַגע פון „איצטער אָדער קיינמאָל ניט“. און זיי האָבען זיך געגרייט צו דער לעצטער שלאַכט. דער קאַמף, זאָגט מען האָט געדויערט עלף יאָר. פאַר דער צייט האָבען די פּאַטריציער אייניגע מאָל פאַרגעשלאָגען נאָכצוגעבען די לעצטע דריי פּונקטען, די עקאָנאָמישע פאָדערונגען. אָבער די פּלעבעער־פירער זיינען דאַרויף ניט איינגעגאַנגען — פּונקט ווי דער היינטיגער ארבעטער־פירער וויל ניט אָננעמען דעם פאָרשלאַג פון די אַרבעט־געבער נאָכצוגעבען די עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די ארבעטער, סיידען עס ווערט אויך „אָנערקענט ווערען די יוניאָן“; דאָס הייסט, סיידען מען ווערט אָנהאַלטען דעם אַרבעטער־פירער'ס סטאַטוס. די פּלעבעער־פירער האָבען זיך אַנטזאָגט צו ענדיגען דעם סכסוך, סיידען דער אויסגלייך ווערט געמאַכט ווערען מיט זיי. ענדלאָך האָט מען געסטראַשעט מיט א נייער אויסוואַנדערונג צום „הייליגען באַרג“ און די פּאַטריציער האָבען זיך אונטערגעגעבען. די פּלעבעער־פירער האָבען פולשטענדיג געוואונען. און דאָס איז געווען דער לעצטער „זיג“ פון דעם עקספּלואַטירטען און אונטערדריקטען פּלעבעערטום.

## דער טעמפּעל פון האַרמאָניע

מיט'ן ליצינישען געזעץ ווערט פאַרענדיגט די עפּאָכע און איך וואָלט דאָ געקאָנט אָפּשטעלען מיין באַשרייבונג פון איר. עס בלייבט אָבער נאָך איבער צו פאַרצייכענען איין פּאַסירונג.

די זיבען עטאַפּען, וואָס איך האָב דאָ באַרירט, זיינען ווי קאַ־
רעלען אויף אַ שנירעל. דאָס שנירעל האָט אַ קנופּ און דער
קנופּ איז ווערט אַזוי פיל ווי אַלע קאָרעלען צוזאַמענגענומען.
ער איז די אונטערשטע שורה, דער סך הכל. נאָכדעם ווי דאָס
ליצינישע געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, האָט אַ פּראָמינענטער
רוימישער פּאַטריציער, קאַמילוס, דער רוימישער מאַרק האַננאַ
פון יענער צייט, — עס מיינט ניט, אַז אונזער וואולגאַרער מאַרק
האַננאַ קאָן זיך פאַרגלייכען, אין בילדונג און קולטור, מיט יענעם
פּאַטריציער; קאַמילוס איז געווען אַ מאַרק האננא אין דעם זין,
וואָס ער איז געוועזן דער טיפּ פון קלאַס, וואָס האָט אוזורפּירט
די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַכט — קאַמילוס, האָט אויס־
געבויט א טעמפּעל אין דער הויפּט שטאָט צו פאַראייביגען די
דאָזיגע פּאַסירונג און האָט אים געווידמעט דער געטין פון האַר־
מאָניע. ווען מען קוקט זיך נאָענט צו, מוז מען איבעררראַשט ווע־
רען פון דער ענלאַכקייט פון קאַמילוס'עס טעמפּעל צו אַ געוויסער
שאַפונג פון אונזער צייט, — האַננאַ'ס „סיוויק פעדערייישאָן
קאָמישאָן און אינדוסטריעל פּיעס" (די קאָמיסיע פאַר אינדוסט־
ריעלען שלום).

דער טעמפּעל פון האַרמאָניע האָט געזאָלט זיין אַ מאָנומענט
צום אנדיינקען פון דעם סוף פון אינערלאַכע רייסערייען. האָט
אָבער דער טעמפּעל פאַראייביגט אַ פאַקט? האָבען זיך די
סכסוכים געענדיגט? האָט דאָס ליצינישע געזעץ אויסגעטריקענט
די קוואַלען פון אומצופרידענהייט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט
אין די פריערדיגע הונדערט יאָר? האָט די עקאָנאָמישע אומ־
גלייכהייט, מיט אירע איבלען, באַקומען אַ טויט־קלאַפּ, אָדער
זיינען אַמווייניגסטען אָנגענומען געוואָרען מיטלען זיי צו באַ־
זייטיגען? די ווירקונג פונ'ם ליצינישען געזעץ זעט מען דערפון,
וואָס מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער ווייזט דער צענזוס פון
איטאַליע — רוים האָט אין דער צייט ערבערט גאַנץ איטאַליע
— אַז רוים האָט פאַרמאָגט ווייניגער ווי צוויי טויזענט פאַמי־
ליעס מיט געזיכערטען רייכטום. און מיט הונדערט יאָר שפּע־
טער געפינען מיר, אַז טיבעריוס גראַקכוס גיט, אין פּלוטאַרך'ס

לעבענס באַשרייבונג פון יענעם רוימער, פאַלגענדען בליק אויף זיין לאַנד:

„די ווילדע חיות פון איטאַליע האָבען זייערע היילען צום רוען, אָבער די בראַווע מענער, וואָס פאַרגיסען בלוט פאַר איטאַליע, האָבען גאָרניט, א חוץ לופט און ליכט. אָן הייזער, אָן א באשטימטען וואוינאָרט, וואַנדערען זיי מיט זייערע פרויען און קינדער פון אָרט צו אָרט; און זייערע גענעראַלען שפּאָטען פון זיי, ווען, בראש פון זייערע ארמייען, באַוועגען זיי, זיי צו קעמפען פאַר זייערע קברים און פאַר זייערע היימישע געטער; ווארים צווישען די גרויסע מחנות איז אפשר ניט פאַראַן קיין איינציגער רוימער, וועלכער פאַרמאָגט אַן אַלטאַר, וואָס האָט באַלאַנגט צו זיינע עלטערען, אָדער א קבר, אין וועלכען זייערע טויטע קערפּערס רוען. די פּשוט׳ע סאַלדאַטען קעמפען און שטאַרבען צו פאַרמערען דאָס רייכטום און דעם לוקסוס פון די מאַכטהאָבער; און מען רופט זיי וועלט־הערשער, בעת זיי פאַרמאָגען ניט קיין פוס באָדען.“

ניין, עס האָט ניט עקזיסטירט קיין האַרמאָניע. און זי האָט אין אמת׳ן ניט געקאָנט עקזיסטירען. דאָס ליצינישע געזעץ האָט ניט אויסגעברענט די מכה; זי האָט אפילו ניט באַדעקט מיט אַ זאַלב. מען האָט כמעט גאָרניט געטאָן איינצופירען די קנאַפּע עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען, וואָס דאָס געזעץ האָט צוגעזאָגט. און פון דער צווייטער זייט, האָבען די גרעסערע מלחמות, וואָס רוים האָט אונטערגענומען, איבערגעגעבען נאָך גרעסערע פאַרמעגענס אין די הענט פון דעם אַזוי אויך שוין איבערוועלטיגענדיגען הערשער־קלאַס. העפּטיג איז אָנגעגאַנגען די עקספּראָפּריאַציע פונ׳ם קליינעם אייגענטימער. דער פּראָצענטניק האָט זיך געבאָדען אין וואוילטאָג. שקלאַפען האָבען פאַרפלייצט דעם פרייען פּראָלעטאַריאַט. אַלע צרות, אויף וועלכע מען האָט זיך געקלאָגט אין אָנהויב, זיינען געבליבען און האָבען עקזיסטירט נאָך אין אַ פיל גרעסערער פאָרם. איז אָבער דער טעמפּעל פון האַרמאָניע געווען אַ גראָבער ליגען? ניין.

דער טעמפּעל האָט יאָ פאַרצייכענט אַן אמת. עס האָט עקזיסטירט האַרמאָניע, אָבער צווישען וועמען?

די איינציגע באמת קאמפּענדיגע צדדים זיינען געווען די פּאַטריציער און די פלעבעער־פירער. די פלעבעאישע מאַסען האָבן אַנטייל גענומען אין קאַמף נאָר אין דער ראָלע פון קאַנאָנען־פלייש. דער עלעמענט פון פלעבעער־פירער האָט גע־לעכצט נאָך פּאָליטישער מאַכט. ער האָט געשטרעבט צו דעם אוים אייטעלקייט. און אויך — און דער עיקר — אין איינקלאַנג פון זיינע קלאַסען־אינסטינקטען: ער האָט באַדאַרפט די פּאָליטישע מאַכט, כדי צו זיכערען און אויסברייטען זיין עקאָ־נאָמישע מאַכט. די פּאָליטישע מאַכט איז געלעגען אין די הענט פון אַ שטאַם־אַדעל. וואָס איז געבליבען צו טאָן? אַראָפּוואַרפען דאָס פּאַטריציערטום? דאָס וואָלט געעפענט אַלע שליוזען פאַר די פלעבעעאישע מאַסען און וואָלט געשטעלט אין סכנה די עקאָנאָמישע מאַכט פון דעם פלעבעער־פירער גופא.

מערקט אייך: דער פלעבעער־פירער האָט ניט געקעמפט געגען דעם פּאַטריציאַניזם; נאָך וויינ־יגער האָט ער געקעמפט אָפּצושאַפען פלעביזם — עס הייסט, די עקאָנאָמישע שקלאַפעריי. איך וויים ניט אויב דער פלעבעער־פירער האָט נאָכגעדיינקט וועגען דער שיינקייט אָדער וועגען דער הייליגקייט, אָדער ווע־גען דער חכמה׳דיגקייט, אָדער וועגען דער נויטווענדיגקייט פון דעם געבאָט וועגען „די אָרימע, וואָס דו וועסט תמיד האָבען אין דיין מיטען". און דאָס איז אויך ניט וויכטיג. וואָס איז אָבער יאָ וויכטיג, איז, אַז דער פלעבעער־פירער „איז ניט געווען געפירט פון אידעאַלען", ער האָט זיך ניט „געיאָגט נאָך חלומות", ער איז געווען „פּראַקטיש". דער פלעבעער־פירער האָט מיט רעכט געזען אין דעם פלעביזם אַ גהינם; ער האָט ניט געפונען קיין מיטעל אויסצולעשען די פלאַמען, וואָס האָבען אומגעבראַכט די פלעבעער־מאַסען, יעדענפאַלס, האָט ער ניט געפונען אַזאַ מיטעל, וואָס זאָל ניט קומען אין צוזאַמענשטויס מיט זיינע איי־גענע אינטערעסען; זיין פּאָליטישע און סאָציאַלע עקאָנאָמיע האָט זיך דורך און דורך צוגעפּאַסט צו דער פּאָליטישער און סאָציאַלער עקאָנאָמיע פון די פּאַטריציער. ער האָט געשטרעבט זיך צו פאַרהיטען פון דעם גהינם פון דער פלעבעעאישער אומ־

זיכערקייט און אָרימקייט. באַ אַזעלכע צושטענדע איז אַ טאַק־טיק פון שווינדלער געווען דער אומפאַרמיידלאַכער רעזולטאַט. דער פּלעבעער־פירער האָט געמוזט שטרעבן דערצו, אַז עס זאָלען בלייבן אומבאַרירט די עיקרים פון דעם פּאַטריציזם, אָבער דערביי זאָל ער אַליין טיילען מיט׳ן פּאַטריציער זיינע פּריווי־לעגיעס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער פּלעבעער־פירער האָט ניט געקאָנט סימפּאַטיזירען מיט אַ פּלאַן, אָדער באַנעמען אַ געדאַנק, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער אָפּשאַפונג פון דער עקאָנאָמישער אוזורפּאַציע, פון וועלכער ער האָט גענאָסען, בעת ער האָט, פון דער צווייטער זייט, געציטערט פאַר׳ן גהינם פון פּלעביזם. אין זיין איבערלייגטער און אינסטינקטיווער שטרעבונג צו דער זיכערקייט פון זיין קלאַס, האָט דעם פּלע־בעער־פירער געהאָלפען דער נאָמען **פּלעבעער.**

דער ניט־פּאַטריצישער לענדלאָרד און פּלוטאָקראַט איז גע־ווען אַ פּלעבעער. דעם נאָמען „פּלעבעער“ האָט ער געטראָגען אינאיינעם מיט׳ן געפּייניגטען מיטעל־קלאַס און מיט׳ן עקס־פּלואַטירטען פּראָלעטאַריער. דער אַלגעמיינער נאָמען האָט געשאַפען די אַלגעמיינע פאַרבלענדונג וועגען „אַלגעמיינע אינ־טערעסען“. ווי עס איז אָבער געוויינלאַך דער פאַל מיט פאַר־בלענדענישען, האָט אויך די בלענדונג געבלענדט נאָר יענע, פאַר וועמען זי איז געווען סם המות. פאַרבלענדט זיינען גע־ווען דער פּלעבעאישער מיטעל־קלאַס און דער פּלעבעאישער פּראָלעטאַריאַט; דער אַלגעמיינער נאָמען פּלעבעער האָט פאַר־פירט אפילו די פּאַטריציער, וועלכע האָבען דעם פּלעבעאישען בורזשוא באַטראַכט פאַר אַ „פּלעבעער“ און האָבען מיט אַרי־סטאָקראַטיש־אַליגאַרכישען גדלות אים אָפּען אַרויסגעוויזען זייער פאַראַכטונג. דער איינציגער וואָס איז ניט געווען פאַר־בלענדט און האָט זיך ניט גענאַרט, איז געווען דער פּלעבעאישער בורזשוא. אַ פראַזע האָט, אויף אַזאַ אופן, פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אַ פאַקט, אַ ברוך־טייל פון אַן אמת — דעם פּלאַץ פון אַן אַבסאָלוטען וויסענשאַפטלאַכען אמת, און דער סענטימענט האָט שוין געטאָן דאָס איבעריגע. אָט דאָס זיינען געווען די אומ־

שטאַנדען, וואָס האָבען באַמיסטיגט דעם באָדען, פון וועלכען עס האָט אַרויסגעשפּראָצט די גיפטיגע פּלאַנץ — דער פּלעבעער־פירער.

דער פּלעבעער־פירער האָט דערזען זיין געלעגענהייט און זי קונציג אויסגענוצט. ער האָט נאָר באַדאַרפט אָנהאַלטען די רוטינע ריכטונג פון זיינע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען, כדי צו פאַרגרעסערען די וואַפע — די סאָציאַלע אומצופרידענהייט — וואָס דער בלויזער נאָמען „פּלעבעער" האָט אים אריינגע־לייגט אין די הענט און וואָס ער האָט געהאַלטען איבער די קעפּ פון די פּאַטריציער. אין אָנהויב האָבען זיך די פּאַטריציער געשראָקען, אַז זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּריווילע־גיעס זיינען אין געפאַר, זיי האָבען זיך אָבער באַלד איבערציינגט, אַז זיי זיינען זיכער מיט זייערע עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס, און זיי האָבען צולעצט אַנטדעקט, אַז דער פּלעבעער־פירער וועט זיין דער זיכערסטער באַשיצער אי פון זייערע עקאָנאָמישע, אי פון זייערע פּאָליטישע פּריווילעגיעס, אויב מען זאָל אים נאָר מאַכען פאַר אַ שותף צו די פּאָליטישע פּריווילעגיעס. די פּאַט־ריצישע אויגען האָבען זיך ביסלאַכוויז געעפענט. די זיבען עטאַפּען פון יענער עפּאָכע — אָנהויבענדיג מיט'ן ערשטען ביינדעל וואָס מען האָט צוגעוואָרפען די פּלעבעער־פירער, מיט דער ערלויבעניש, אַז אייניגע פון זיי זאָלען ווערען שטומע צו־טשעפּענישען צום סענאַט, און ענדיגענדיג מיט'ן פאָלשטענדי־גען זיג, מיט'ן אָננעמען דאָס ליצינישע געזעץ, וואָס האָט דעם גאַנצען קלאַס פּלעבעער־פירער דערהויבען צום פולען פּאַטרי־צישען פּאָליטישען ראַנג — די דאָזיגע זיבען עטאַפּען פון דער עפּאָכע זיינען געווען זיבען עטאַפּען אין דעם פּראָצעס פון עפע־נען די אויגען. בעת דער דאָזיגער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען, זיינען פאָרגעקומען געגנוג רייסערייען און קאַמפען. מיר באַ־גרייפען אָבער, אַז די אמת'ע קעמפער זיינען געווען דאָס פּאַט־ריציערטום און דער עלעמענט פון פּלעבעער־פירער. מיר באַ־גרייפען נאָך מער: אַז נאָכדעם ווי מען האָט שלום געמאַכט, האָבען די פּלעבעאישע מאַסען, אַם ווייניגסטען פאַר אַ געוויסער

צייט, געקאָנט באַהערשט ווערען, און אַז דער קלאַסענקאַמף, וואָס איז אָראָפּגעפירט געוואָרען פון גלייכען וועג, וועט פון היינט אָן און ווייטער זיין גאָר פון אַנאַנדער מין, אויב ער זאָל אויפסניי זיך צעפלאַקערען. און אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט. אָבער פאָרלויפיג האָט דאָס פּאַטריציערטום פריי אָפּגעאָטעמט און, אינאיינעם מיט אים, אויך דער פלעבעער-פירער. מיר פאַרשטייען דערפון, אַז די סטראַטעגישע וויכטיגקייט פון דעם פלעבעער-פירער איז געוואָרען אַ פעסטונג פון פּאַטריציאָניזם, וואָס איז געווען אַ קוואַל פון די גרעסטע צרות פאַר די פלעבעאישע מאַסען.

דער טעמפעל, וואָס קאַמילוס האָט אויפגעשטעלט פאַר דער געטין פון האַרמאָניע, האָט, פאָלגלאַך, פאַראייביגט אַן אמת; האַרמאָניע האָט איצט געהערשט, און יענער טעמפעל-מאָנומענט, כאָטש אויסגעגאָסען אין א פאַרצייטיגען פורעם, איז אַן אָנדייטונג אויף דעם מיין — אַם וויינינגסטען אויף די שטרעבונגען — פון האַננאַ׳ס מאָנומענט פון באַטרוג — די „אינדאָסטריעל פיעס קאָמישאָן“, אין וועלכער מיר זעען קאַפיטאַליסטען און ארבעטער-פירער אין ברידערלאַכען שלום און האַרמאָניע.*)

דאַרף איך נאָך אַלעם דעם ענטפערען אויף דער פראַגע, וואָס איך האָב געשטעלט אין אָנהויב: ווי פיל כחות פאַרמאָגט דער אַרבעטער-פירער, אויב ער פאַרמאָגט בכלל וועלכען ניט איז כח, און וואָס איז דער כאַראַקטער און דער קוואַל פון די כחות? וואָס איז די סטראַטעגישע וויכטיגקייט פון דעם אַרבעטער-פירער אויפ׳ן פעלד פון דער מאָדערנער סאָציאַלער פראַגע? איז דאָס אַ סטראַטעגישע קראַפט וואָס ברייננגט נוצען

*) ווען מען האָט ארום 300 יאָר שפּעטער איבערגעבויט דעם טעמפעל פון האַרמאָניע, האָט מען שוין באַמערקט די אומפּאַסיגקייט פון דעם נאָמען. אונטער דעם אויפשריפט אויפ׳ן טעמפעל האָט אימיצער באַנאַכט צוגעשריבען די דאָזיגע שורה:

„משוגעת און אומאייניגקייט שטעלען אויף דעם טעמפעל פון האַרמאָניע.“

דער ארבעטער־באַוועגונג, אָדער פון איר פּראָפּיטירען די קאַ־
פּיטאַליסטישע אינטערעסען? דאַרף איך איצט ענטפערען אויף
די דאָזיגע פראַגען? מיר דאַכט זיך, אַז דער ענטפער איז איי־
בעריג. גוט באַקאַנטע פאַקטען, וואָס איר אַלע ווייסט, האָבען
אייך געמוזט קומען אין זינען אין דער צייט, וואָס איך האָב
אייך דערציילט וועגען דער קאַריערע פון דעם פלעבעער־פירער.
יעדער, וואָס איז אינפאָרמירט, האָט געמוזט אַנטדעקען אַן איי־
בערראַשענדיגע ענלאַכקייט אין די גרונטשטריכען, אין די פּי־
זאָנאָמיען פון דעם פלעבעער־פירער און ארבעטער־פירער. און
יעדער האָט געמוזט באַגרייפען, אַז דער אַרבעטער־פירער איז
פאַר דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם דאָס זעלבע, וואָס דער פלע־
בעער־פירער איז געווען פאַר דעם פּאַטריציערטום — אַ סטראַ־
טעגישער מאַכט־פּאָסטען פון אוזורפּאַציע און פון געפאַר פאַר
אירע קרבנות. אָבער איך וויל בעסער, אַז מען זאָל קיין זאַך
ניט אָננעמען פאַר באַוויזען, איידער עס ווערט באַוויזען.

אָט דאָס זיינען די סאָציאַלע צושטאַנדען אין לאַנד. פון איין
זייט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, וואָס פאַרמאָגט איבער 71
פּראָצענט פון׳ם נאַציאָנאַלען רייכטום און האַלט דערפאַר אין
זיינע הענט די פּאָליטישע מאַכט — עס איז אַן אמת׳ע אליי־
גאַרכיע, דער קלאַס איז קוים אַכט פּראָצענט פון דער באַפעל־
קערונג; און פון דער צווייטער זייט, דער אַרבעטער־קלאַס, דער
מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, 52 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג,
וואָס באַזיצט ווייניגער ווי 5 פּראָצענט פון נאַציאָנאַלען פאַר־
מעגען — אַן אמת׳ער שקלאַפען־קלאַס, וואָס קרעכצט אונטערן
יאָך פון לוין־שקלאַפעריי. און דאָס איז ניט קיין פלוצלאַכע דער־
שיינונג: עס איז געווען אַ לאַנגזאַמע, אָבער שטענדיגע אַנטוויק־
לונג. און אַז אַזעלכע באַדינגונגען עקזיסטירען, מיינט עס, אַז אַ
ביטערער קלאַסען־קאַמף איז אָנגעגאַנגען און גייט אויך איצט אָן.
אויסלאָזענדיג דעם מיטעל־קלאַס וואָס שטייט צווישען צוויי פייע־
רען, וואָס שלאָגט ביידע קעמפענדיגען צדדים און ווערט געשלאָ־
גען און פאַרניכטעט פון ביידע, גייט דער קאַמף אָן צווישען דעם
קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם אַרבעטער־קלאַס. אָבער די

צייט פון איינצעל-קאַמף איז שוין אַוועק. איצט קעמפט אָרגאַ־
ניזאַציע געגען אָרגאַניזאַציע. און מיט „אָרגאַניזאַציע" איז
פאַרבונדען „פירערשאַפט". אַ האַסטיגער בליק אַנטדעקט דעם
קאַפּיטאַליסטישען פירער אויף דעם שפּיץ פון איין ארמיי;
אויף דעם שפּיץ פון דער צווייטער ארמיי האָט פאַר אַ לאַנגער
צייט פיגורירט דער „לייבאָר לידער", דער פירער פון די טרייד־
יוניאָנס. די באַדייטונג פון דעם פלעבעער-פירער איז אויפגע־
דעקט געוואָרען דורך זיינע האַנדלונגען און דורך די רעזולטאַטען
פון זיינע האַנדלונגען, טאָ זאָלען זיינע אייגענע האַנדלונגען
ריידען אויך פאַר דעם אַרבעטער-פירער. די דאָזיגע האַנדלונגען
אילומינירט מיט דער קאַריערע פון דעם פלעבעער-פירער, וועל־
לען באַלייכטען די סטראַטעגישע וויכטיגקייט פון דעם מאָדער־
נעם אַרבעטער-פירער.

## די מעשים פון דעם „לייבאָר לידער"

איך האָב אַ סך דאָקומענטען וועגען דעם ענין. עס וועט
זיין אוממעגלאַך זיי אַלע דורכצובלעטערען. פון דער גאַנצער
מאַסע וועל איך, דער עיקר, אַרויסנעמען פאַקטען, וואָס האָבען
אַ שייכות מיט'ן אַרבעטער-פירער אין פּאָליטישען אמת. אין
אַ סך פאַלען האָבען מיר פונקט אַזעלכע שטוינענדיגע פאַקטען
וועגען דעם אַרבעטער-פירער, וואָס פאַרנעמט ניט קיין פּאָלי־
טישען אמת. פונקט ווי דער פלעבעער-פירער אויסערן אמת,
איז ער אַ וויכטיגע הילף פאַר זיינע ברידער, וואָס פאַרנעמען
יאָ פּאָליטישע אמטען. איך וועל אפילו אויסלאָזען פיל פון די
פאַקטען, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער אָפיציעלער פּאָליטישער
טעטיגקייט פון'ם אַרבעטער-פירער. צאָלרייך זיינען די דאָ־
קומענטען, וואָס איך האָב געזאַמעלט, אָבער די קאָלעקציע איז
ווייט ניט קיין פאָלשטענדיגע. אַ פאַמפלעט וועגען דעם רע־
קאָרד — זאָל זיין, נאָר פון דעם אָפיציעלען פּאָליטישען רעקאָרד
פון דעם אַרבעטער-פירער, וועט זיין אַן אומשאַצבאַרע ביישטיי־
ערונג צום אַרסענאַל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג.

דער ערשטער דאָקומענט, פון וועלכען איך וועל מאַכען

איינינע אויסצוגען, איז דער ענטפער פון חבר דזש. אַליעטש, פון פיניקס (אַריזאָנאַ), אויף מיין אָנפראַגע וועגען די אַרבעטער־פירער אין עפענטלאַכע עמטער אין זיין טעריטאָריע. ער זאָגט:

„אין אַריזאָנאַ ווייס איך ניט פון קיין טרייד־יוניאָניסטען, וואָס זאָלען פאַרנעמען פּאָליטישע שטעלען, סיי אַזעלכע, צו וועלכע מען ווערט געוויילט, סיי אַזעלכע, צו וועלכע מען ווערט באַשטימט. זיי האָבען געפּרוּאווט דורכפירען אין דער לעגיסלאַטור אַ געזעץ צו פאַרבאָטען די מינען־אַרבעטער צו אַרבעטען מער ווי אַכט שעה אַ טאָג. אָבער בעת דער ביל איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען, האָט מען פון אים חוזק געמאַכט און מען האָט דערקלערט, אַז ער וועט האָבען אַ שלעכטע ווירקונג אויף'ן מינען־אַרבעטער און וועט אים פאַרשאַדען. די מינען אַרבעטער פון דער שטאָט גלאָוב זיינען אַזוי שטאַרק געוועזען אומצופרידען מיט דער אויפפירונג פון זייער באַצירק־פאַרטרעטער אין דער לעגיסלאַטור, אַז ווען ער איז געקומען אין שטאָט, האָבען זיי אים געכאַפּט, האָבען אים אַרויסגעפירט פון דער שטאָט און אים באַפוילען קיינמאָל מער ניט צוריק צוקומען.“

אָט דאָס איז דער שליסעל צו דער סיטואַציע. דאָס איז אַ וואונק, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס וואָלט געקאָנט ערוואַרטען, ווען ער זאָל אַליין פּרוּאווען באַפעסטיגען די קייטען פון עקספּלואַטאַציע אויף דעם אַרבעטער־קלאַס; דער פאַקט ווייזט אויך קלאָר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, וואָס זיין טאַקטיק דאַרף זיין. און די טאַקטיק דאַרף זיין: זיך באַנוצען מיט יעדער סטראַטעגישער פּאָזיציע צו פאַרמאַסקירען זיינע באַוועגונגען. האָט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס פאַרשטאַנען דעם וואונק, וואָס ער האָט באַקומען אין זיין פריער ערפאַרונג?

## קאַפּיטאַליזם אונטער אַן אַרבעטער־מאַסקע

די פּראָפיטען פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס זיינען שכירות, וואָס מען דערגיט ניט דעם אַרבעטער־קלאַס. די מעגלאַכקייט צו שערען די אַרבעטער און אָנזאַמלען פּראָפיטען איז אָפּהייננגיג פון דער עקזיסטענץ פון אַ לוין־שקלאַפען קלאַס, פון אַן אַרבע־

טער־קלאַס — פון אַ פּראָלעטאַריאַט ; און דאָס אָנהאַלטען די עקזיסטענץ פון אַזאַ קלאַס הייננט אָפּ פון פּריוואַטען באַזיץ פון די פּראָדוקציע מיטלען — פון דעם לאַנד, פון דער מאַשי־נעריע און פונ׳ם קאַפּיטאַל, מיט וועלכע מען אַרבעט. אונטער׳ן פּריוואַטען באַזיץ פון די פּראָדוקציע־מיטלען קאָנצענטרירט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אַלץ מער אין זיינע הענט דאָס רייכ־טום פון לאַנד, בעת דער אַרבעטער־קלאַס מוז אַלץ טיפער זינקען אין אָרימקייט און אָפּהענגיגקייט. יעדע מעכאַנישע אויס־בעסערונג טרייבט מיט נייעם אימפּעט צו דער דערהויבונג פון דעם קאַפּיטאַליסט און צום זינקען פונ׳ם אַרבעטער. דער קאַמף צווישען די צוויי קלאַסען איז אַ קאַמף אויף לעבען און טויט ; קאָמפּראָמיסען זיינען דאָ אוממעגלאַך. עס איז קלאָר, אַז עס איז אין די אינטערעסען פון אַרבעטער־קלאַס, אַז מען זאָל דעם שטרייט־פּונקט מאַכען קלאָר פאַר דעם גרויסען עולם, און אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל פאַר די אַרבעטער־מאַסען פאַרגעשטעלט ווערען אין זיין גאַנצער אָפּשטויסענדער עקעלדיגקייט. וואָס טוט אָבער דער אַרבעטער־פירער ? ער הילט איין דעם מאָנסטער, וואָס פאַרצוקט די אַרבעטער, אין אַן אַרבעטער מאַנטעל דערמיט וואָס ער סאַנקציאָנירט זיינע מעטאָדען.

אַלס מוסטער פון די, וואָס דינען אויף אַזאַ אופן דעם קאַפּי־טאַליסטישען קלאַס, קענען, צווישען אַנדערע פון קלענערער וויכטיגקייט, דערמאַנט ווערען הענרי בראַדהוירסט, וויליאַם אייברעהעמס, און ריטשאַרד בעל אין ענגלישען פּאַרלאַמענט און ראָבערט האָוארד, וואָס איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען אַ מיטגליד פון דער מאַסאַטשוזעטסער לעגיסלאַטור, אין אַמעריקאַ.

דער ענגלישער פּאַרלאַמענט־אָפּגעאָרדענטער בראַדהוירסט איז אַ מיטגליד פון דער שטיין־מויערער יוניאָן. אין דער זעלבער צייט איז ער אַן אַקציאָנער פון דער „בראַנער־מענדס קעמיקעל וואָירקערס" אין ענגלאַנד, וואו פופציג פּראָצענט פּראָפיט ווערט געמאַכט אַ דאַנק דער שרעקלאַכער שקלאַפעריי פון די אַרבעטער.

דער פּאַרלאַמענט־אָפּגעאָרדענטער אייברעהעמס איז אַ

מיטגליד פון דער מינען־ארבעטער יוניאָן. אין דער זעלבער צייט איז ער אַ דירעקטאָר פון דער „גלאַזגאו עשורענס קאָמפּאַני“ און פון דער „קאליי טראַמוועי“, און אין יעדע אונטערנעמונגען, און דער עיקר, אין דער לעצטער פליסט די ניט־דערצאָלטע ארבעטער־פאַרדינסטען אין די קעשענעס פון די אַקציאָנערען, און איינער פון זיי איז דער דאָזיגער מיטגליד פון פאַרלאַמענט.

דער פּאַרלאַמענט־מיטגליד בעל איז דער סעקרעטאַר פון דער „אַמאַלגאַמייטעד סאָסייעטי אָוו ריילוויי סורוועטס“. בעת דעם טעף וויל אייזענבאַן־סכסוך האָט אים דער פּאַרטײַ־ער פון האַנדעל־מיניסטעריום געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, אַז ער איז „אַן אַרבעטער־פירער, וואָס האָט אַרויסגעוויזען די פייאיגקייט צו פאַרשטיין, אַז יעדע פראַגע קאָן מען באַטראַכטען פון צוויי שטאַנדפּונקטען“.

האוארד, וועלכער האָט אין דער מאַסאַטשוזעטסער לעגיסלאַטור ענערגיש אונטערגעשטיצט די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, האָט באַלאַנגט צו דער „ספּינערס יוניאָן“ פון פאָל ריווער (מאַסאַטשוזעטס). ווען ער איז געוואָרען שוואַכזיניג און מען האָט אַרויסגענומען פון זיינע הענט די פאַרוואַלטונג פון זיין פאַר־מעגען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער פאַרמאָגט הונדערט טויזענט דאָלאַר און אַז אַ גרויסער טייל פון דעם פאַרמעגען באַשטייט פון אַקציעס פון די זעלבע פאַבריקען, וואו מען האָט געשונדען די הויט פון דיזעלבע ארבעטער, אין וועמענס אָרגאַ־ניזאַציע האָוארד איז געווען אַ באַאַמטער.

און דאָ טאָר מען ניט אויסלאָזען — ספּעציעל איצט, ווען דער עלעקטרישער מאָטאָר מאַכט אָן אַ חורבן אין די רייען פון די לאָקאָמאָטיוו־פירער — פּ. מ. אַרטור, דעם פּרעזידענט פון דער „בראָדערהוד אָוו לאָקאָמאָטיוו ענדזשינירז“. בעת דער קאַפּי־טאַליזם האָט געשאָכטען זיינע יוניאָן־מיטגלידער אויף די באַנען און האָט זיך געגרייט זיי צו דעגראַדירען צו דער שטופע פון ניט־קוואַליפיצירטע ארבעטער, האָט ער, כאָטש ניט האַלטענדיג קיין פּאָליטישען אַמט, זיי באַשווינדעלט און האָט אָנגעפילט זיינע קעשענעס מיט באַן־אַקציעס וואָס האָבען געבראַכט גרויסע

דיווידענדען, וועלכע זיינען געקומען פון די מיטגלידער פון זיין יוניאָן.

## ליגענס און פאַלשקייטען צו פאַרבלענדען די אַרבעטער

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס ווייסט ניט פון קיין פאָטער־לאַנד און ראַסע, און יעדער „גאָט" איז פאַר אים גוט, אַבי דער „גאָט" שטימט צו צו דער עקספּלואַטאַציע פונ'ם אַרבעטער. ניט קוקענדיג אויף אַלע אויגענשיינליכע רייסערייען און אָפּט־מאָל אפילו מלחמות, איז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אינטער־נאַציאָנאַל און שטעלט אַרויס אַ פאַראייניגטען פראָנט אַנט־קעגען דעם אַרבעטער־קלאַס. אָבער טאַקע דערפאַר איז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס פאַראינטערעסירט, אַז די אַרבעטער זאָלען זיין צעטיילט. ער העצט דעריבער אויף דעם ראַסען־האַס און דעם רעליגיעזען האַס, וואָס מיר האָבען גע'ירשנ'ט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

נאָך אַמאָל: די אַרבעטער־פאַרדינסטען פאַרקלענערען זיך. דאָס קומט דערפון, וואָס דער אָנבאָט פון אַרבעט ווערט אַלץ גרעסער אין פאַרגלייך מיט דער נאָכפראַגע אויף אַרבעט. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס ווייסט, אַז דער וואַקסענדער אָנבאָט קומט ניט אַזוי פון אימיגראַציע, ווי דערפון, וואָס די מאַשינעריע אין פּריוואַטען באַזיץ האָט זיך פאַרבעסערט און האַלט זיך ווייטער אין איין פאַרבעסערען. אויף יעדען אימיגראַנט, וואָס פילט איבער דעם אַרבעט־מאַרק, זיינען פאַראַן צען אַרבעטער אין לאַנד גופא, וואָס פילען איבער דעם מאַרק ווייל זיי ווערען אַרויסגעשטויסען פון דער פאַרבעסערטער מאַשינעריע אין קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַטען באַזיץ. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז אויב דער דאָזיגער פאַקט זאָל באַקאַנט ווערען, וועט דער לאָגישער שלום ממש שטעכען די אויגען; נעמליך, אַז די פּשוט'ע לעזונג פון דער אַרבעטער־פראַגע איז קהל'שער באַזיץ פון דער מאַשין. אויב פופציג מענשען קאָנען מיט פאַרבעסערטער מאַשינעריע אין אַ צען־

שטונדיגען ארבעט־טאָג פּראָדוצירען אזוי פיל ווי הונדערט מענשען האָבען פּראָדוצירט אָהן פאַרבעסערטער מאַשינעריע, וועט די קהל'שע מאַשין ניט אַרויסוואַרפען אין גאַס, ווי די פּרי־וואַטע מאַשין, פּופציג מענשען; זי וועט נאָר אַרויסוואַרפען פ י נ ף פון די פריערינע צ ע ן אַרבעט־שטונדען. פאַר'ן קאַפּיטאַליסטישען קלאַס איז עס קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער מוז שיטען זאַמד אין די אויגען צו פאַרבאָרגען דעם דאָזיגען פאַקט. און עס איז ניטאָ קיין בעסערער מיטעל פאַר דעם צוועק ווי צו פאַרשפּריימען דעם ליגען, אַז די צרה איז — די אימיגראַציע. די געזעצען געגען אימיגראַציע זיינען די פרוכט פון די דאָזיגע צוויי צילען. אַזעלכע געזעצען שיסען צוויי האָזען מיט איין מאָל; זיי ציען אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דעם אָנגעווייטאָגטען נערוו און אין דער זעלבער צייט העלפען זיי ארויסרופען באַ די אַרבעטער־תושבים רעליגיעזען און ראַסען־האַס צו די ניי־אָנגעקומענע. און וועגען דעם, אַז עס זאָלען דאָ ניט פעלען קיין אי־מיגראַנטען, זאָרגט שוין דער קאַפּיטאַליזם. עס איז קלאָר, אַז עס איז אין די אינטערעסען פון אַרבעטער־קלאַס זיך צו באַפרייען פון די דאָזיגע פאַלשקייטען און שווינדלען. וואָס טוט אָבער דער אַרבעטער־פירער? ער העלפט זיי גאָר קולטיווירען.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס די עדוואַרד מעק'סוויניס פון דער שומאַכער יוניאָן, די מעק'קימס פון די סטאָליאַרעס, די ט. וו. פאַונדערלים פון די „נייטס אָוו לייבאָר" און אַ פרענק פּ. סאַר־דזשענט, דער גרענד מאַסטער פון די „לאָקאָמאָטיוו פייערמען" זיינען עס יענע, וואָס ווערען אויסגעקליבען פון קאַפּיטאַליס־טישע פּרעזידענטען פאַר „קאָמישאָנערס אָוו אימיגריישאָן" און וואָס זיינען וויליג צו פאַרנעמען דעם אַמט.

## קאַפּיטאַליסטישע געזעצען איינגעפירט פון אַרבעטער־פירער

קאַפּיטאַליזם פאַרלאַנגט שטענדיג אַלץ גרעסערע פּראָפי־טען. פון דער גרויס פון פּראָפיטען הייגנט אָפּ די מאַכט פונ'ם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס צו באַהערשען דעם אַרבעטער־קלאַס.

דערפון פאָלגט, אַז דער קאַפּיטאַליזם פאָדערט אַן אַלץ גרעסערע עקספּלואַטאַציע פון דעם דערוואַקסענעם אַרבעטער; אַז ער גלוסט נאָך דעם מאַרך פון די קינדער פון אַרבעטער-קלאַס, ווייל קינדער-אַרבעט איז איינער פון די ווירקזאַמסטע מיטלען אַראָפּ-צודריקען די פאַרדינסטען; אַז זיין שטרעבונג איז, די אַרבע-טער-קינדער זאָלען בלייבען אומוויסענד און אַנאַלפאַבעטיש ווי עס פּאַסט פאַר דעם שטאַנד, וואָס גאָט האָט פאַר זיי באַ-שטימט אין לעבען"; אַז זיין ציל איז איינצואָרדענען אַלץ אַזוי, אַז בעת דער קאַפּיטאַליזם שטרעבט צו פאַרגרעסערען זיינע לאַגע, ווען ער רעוואָלטירט און גייט אַרויס אין אַ סטרייק; אַז בעת דער קאַפּיטאַליזם שטרעבט צו פאַרגרעסערען זיינע פּראָפיטען, שטרענגט ער זיך אָן צו פאַרקלענערען זיינע שטייערען — די פענעצלאַך, אָפּגעשניטען פון די פּראָפיטען. עס איז קלאָר אַז די אינטערעסען פון אַרבעטער-קלאַס פאָדערען, מען זאָל אין אַלץ שטערען די דאָזיגע קאַפּיטאַליסטישע שטרע-בונגען. וואָס טוט אָבער דער אַרבעטער-פירער? ער שטיצט דעם קאַפּיטאַליזם אין די דאָזיגע מאַנעווערען.

צווישען פיל אַנדערע מוסטערען פון דעם סאָרט דינען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, קאָן דאָ געבראַכט ווערען די האַנד-לונג פון דזשאַן ווילסאָן, פענוויק און טאָמאַס בוירט אין ברי-טישען פּאַרלאַמענט; פון הענרי בלעקמאור, לייבאָר קאָמי-שאָנער אין מיזורי, און קלאַרענס קאַנאַלי, פאַבריק אינספּעקטאָר פון זעלבען שטאַט; פון סטיפען טשאַרטערס, מעיאָר פון אַנסאָניא, (קאָנעטיקוט); פון סעם ראָס אין דער מאַסאַטשו-זעטסער לעגיסלאַטור; פון דזש. דזש. קיני, ע. דזש. ברעקען און דזשיימס ל. קענאָן אין דער אָהייאָ'ר לעגיסלאַטור, און פון סעמיועל פּרינס און וויליאַם מאהער אין דער ניו יאָרקער לעגיסלאַטור.

אין נאָרטהאָמבערלענד און דורהעם, ענגלאַנד, אַרבעטען די קוילען-גרעבער נאָר זעקס שעה אַ טאָג, אָבער זייערע קינדער וואָס העלפען די דערוואַקסענע און קריגען זייער געצאָלט פון די דערוואַקסענע אַרבעטען צען

שעה אַ טאָג. יעדע קינדער־גרופּע באַדינט צוויי מענער־גרופּען. פּענוויק און ווילסאָן, ביידע פון דער קוילען־גרעבער יוניאָן, זיינען פּאַרלאַמענט־אָפּגעאָרדענטע פון יענע צוויי באַצירקען, און זיי ביידע, אינאיינעם מיט טאָמאַס בוירט, אָפּגעאָרדענטער פון מארפּעטה און אויך פון דערזעלבער יוניאָן קעמפּען מיט ציין און נעגעל געגען אַלע געזעץ־פאָרשלאַגען וועגען דעם געזעצ־לאַכען אַכט־שטונדיגען אַרבעט־טאָג. ווען דער געזעץ־פאָרשלאַג איז לעצטען מאָל פאָרגעבראַכט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט, מערץ דעם 5־טען פון ד. י. האָט ווילסאָן, שטימענדיג געגען אים דערקלערט, אַז „עס טוט אים לייד, וואָס מר. בוירט, וועל־כער איז מיט אים איינשטימיג אין דער פראַגע, איז אָפּוועזענד; און ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אויף מר. בוירט'ס צד, האָט ער געפילט, אַז ער איז איין צד מיט מלאכים“.

אומגליקפאַלען מיט קינדער אין די פאַבריקען פון מיזורי זיינען געוואָרען אַ סקאַנדאַליעז־אָפטע ערשיינונג. דאָס געזעץ פאָדערט אַ פייער־רעטונגס־לייטער אין די פאַבריקען און פאַר־באָט צו באַשעפטיגען קינדער יונגער פון 14 יאָר. אָבער דאָס געזעץ ווערט קאַלטבלוטיג איגנאָרירט און קיינער ווערט ניט פאַרפאָלגט פאַר איבערטרעטען דאָס געזעץ. בלעקמאור פון די סיינט לואיס'ער סטאָליאַרעס־יוניאָן און פון דעם „בילדינג טרייד קאונסיל“ איז דער אַרבעט־„קאָמישאָנער“ און קאנאלי פון דער סיינט לואיס'ער „אינטערנאַציאָנאַלער טיפּאָגראַפישער יוניאָן“ איז דער פאַבריק־אינספּעקטאָר, אונטער וועמענס שוץ די דאָזיגע פאַרברעכענס זיינען ערלויבט און ווערען באַגאַנגען.

דער מעיאָר פון אַנסאָניאַ, טשאַרטערס, אַ מיטגליד פון דער סטאָליאַרעס־יוניאָן האָט אַריינגעבראַכט אַ פאָרשלאַג צו פאַר־קלענערען די שול־אויסגאַבען, כדי צו פאַרמינערען די שטייע־רען. דער פאָרשלאַג מיינט ניט נאָר אַז מען שפּאַרט די קאַפּי־טאַליסטישע פּראָפיטען, עס מיינט אויך, אַז מען שניידט אָפּ פולע צוויי יאָר פון דער ערציאונג פון די אַרבעטער־קינדער און מען שליידערט מיט מער קראַפט אַריין די קינדער אין די

פאַבריקען צו קאָנקורירען מיט די ארבעטער און אַראָפּדריקען זייער לוין.

א באַליבטער פלאַנגען-צוג פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס צו פאַרגרעסערען די עקספּלואַטאַציע, ווען ער קאָן ניט רעדוצירען די שכירות דירעקט, איז די „שטראָפען-סיסטעם" אונטערן נאָמען „שטראפען" קאָן מען אָפּרייסען געגנוג פון דעם אַרבעטער'ס פאַרדינסטען צו פאַרגרעסערען דעם רויב און דעם קאַפּיטאַליסט'ס קעשענעס. א דאַנק דער „שטראפען סיסטעם" האָט עס געהאַלטען באַ א רעוואָלט פון די וועבער אין ניו בעדפאָרד, מאַסאַטשוזעטס. האָבען דעריבער די קאַפּיטאַליסטען אויסגעקליבען דעם סעקרעטאר פון דער וועבער-יוניאָן ראָס פאַר א קאַנדידאַט צו דער לעגיסלאַטור אויף'ן וואַל-צעטעל פון איינער פון די קאַפּיטאַליסטישע פאַרטייען מיט דער פּלאַטפאָרם פון געזעצגעבונג געגען דער „שטראָפען סיסטעם". ראָס איז ערוויילט געוואָרען און א געזעץ געגען שטראפען איז אָנגענומען געוואָרען. דאָך אי די „שטראָפען-סיסטעם" געבליבען אין איר פולער קראַפט. א וועבער האָט געשלעפּט צום געריכט איינעם פון די געזעץ-פאַרלעצער, דאָס געריכט האָט דערקלערט, אַז דאָס געזעץ איז „אומקאָנסטיטוציאָנעל" — און ראָס איז זיך ווייטער געזעסען אין דער לעגיסלאַטור, וואו ער האָט ניט געפּאָדערט, מען זאָל אַראָפּזעצען דעם ריכטער, און האָט ניט אַריינגעבראַכט קיין נייעם ביל געגען די שטראָפען און האָט מיט זיין קברים-שטילקייט געגעבען די אַרבעטער-סאַנקציע אויף א קאַפּיטאַליסטישען פאַרברעכען.

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס ווייסט, אַז כאָטש דער „לייבאָר לידער" איז א טארמאז פאַר די אימפּולסען פון די אַרבעטער, רייסען זיך פּעריאָדיש די אַרבעטער דאָך ארויס פון דער קאָנטראָל. דעריבער האָט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אין זינען באַצייטענס איינצואָרדענען אַלץ אַזוי, אַז ווען דער אַרבעטער גייט אַרויס אין סטרייק, זאָל ער זיין געשטערט פון אַלע זייטען. איינער פון די פילע מיטלען פאַר דעם צוועק איז אָנצונעמען געזעצען צו געבען פּאָליציי-מאַכט די אָנגעשטעלטע פון

די שטאַטישע גאַסען־באַנען. די דאָזיגע מאַכט דינט ניט די אינטערעסען פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס, נאָר פאַרקערט. בעת אַ סטרייק ווערען די דאָזיגע אַרבעטער געשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פונ׳ם פּאָליציי־שעף און ער קאָן זיי געברויכען געגען די סטרייקערס. אַ געזעץ־פאָרשלאַג פון דעם מין איז די טעג אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער אָהייאָ׳ר לעגיסלאַטור און איז אָנגענומען געוואָרען מיט דער אונטערשטיצונג פון די פאָלגענדע אַרבעטער־פירער אין דער לעגיסלאַטור: קיני, געוועזענער אינ־טערנאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער „מעטאַל פּאָלישערס יוניאָן" און „ביזנעס אַגענט" פון דעם קליוולענדער ברענטש פון דער יוניאָן; ברעקען, געוועזענער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער „לעטהערס (לאַטעס־שניידער) יוניאָן" אין קאָלאָמבוס, וואָס איז געוועזען סעקרעטאַר פון דער יוניאָן בעת ער איז אויסגעקלי־בען געוואָרען צו דער לעגיסלאַטור, און קענאָן פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער ציגאַרען־מאַכער יוניאָן אין קאָלאָמבוס. פאַרביי־גייענדיג וועט זיין גאַנץ אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אז אין 1899, בעת עס האָט אויסגעבראָכען די קאָרופּטע קאָנספּיראַציע געגען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איז איצט גוט באַקאַנט אין דער כראָניק פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג אונטער׳ן נאָמען „קאַנגארו־קאָנספּיראַציע" און אַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרען מצד דעם קליוולענדער פליגעל פון די פאַרשווערער צו קאָנטראָלירען אַ פאַרזאַמלונג פון דער קליוולענדער סעקציע פון דער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי" און אַריבערשלעפּען די סעקציע צו די „קאַנגארוס", האָט זיך דער אויבען־דערמאַנטער דזש. דזש. קיני פּלוצלונג באַוויזען; ער האָט איינגעצאָלט די פּאַרטיי־שולדען וואָס ער איז שולדיג געווען פאַר צוויי יאָר, און האָט געאַרבעט מעשים, כאָטש אָן ערפאָלג, צו רואינירען די סעקציע.

אַנדערע מיטלען צו מאַכען די אַרבעטער הילפלאָז בעת א סטרייק זיינען: די אזוי גערופענע „וואגאבונדען־געזעצען", דורך וועלכע מען קאָן א סטרייקענדען ארבעטער דערקלערען פאר אַ „וואגאבונד" און אים שיקען ארבעטען אין דערזעלבער פאַבריק,

געגען וועלכער ער סטרייקט; די „מיליטערישע קאָדעקסען" וואָס גיבען די געריכטען דאָס רעכט ארויסצורופען מיליץ געגען סטרייקער, און נאָך און נאָך.

אזעלכע קאָנספיראַציעס געגען דעם אַרבעטער-קלאַס זיינען פאַרקערפערט געוואָרען אין געזעצען אין שטאַט ניו יאָרק און זיי זיינען אונטערגעשטיצט געוואָרען פון די צוויי מיטגלידער פון דער לעגיסלאַטור — פרינס, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ציגאַרען-מאַכער יוניאָן, און מאהער, פון דער „קעב דרייווערס יוניאָן".

## פאַרברעכענס געגען ארבעטערס געזונט און לעבען ווערען צוגעדעקט

ניט נאָר דורכ'ן פּראָצעס פון אויסזויגען דאָס רייכטום, וואָס דער אַרבעטער פּראָדוצירט, גראָבט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אונטער דעם ארבעטער'ס געזונט און לעבען. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס איז אַ מענשען-פרעסערישער קלאַס. די וואָרצלען פון קאַפּיטאַליזם ווערען בוכשטעבלאך באוואסערט מיט'ן בלוט פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. די פעלדער פון פּראָדוקציע — די מאַנופאַקטורען, פאַבריקען, באַן-ליניען, ווערקשטאַטען — זיינען פאַרזייט מיט די אברים און געפאַלענע קערפערס פון די אַרבעטער. דער קאַפּיטאַליסטישער „פּראָגרעס" איז געבויט אויף די שאַרבענס פון די קרבנות-ארבעטער. עס איז קלאָר, אַז פאַר דער טובה פון אַרבעטער-קלאַס איז נויטיג אַראָפּצורייסען די היפּאָקריטישע מאַסקע אונטער וועלכער דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס וויל באַהאַלטען זיינע טאַטען פון פאַרקריפּלונגען און מאָרד, און די פאַרברעכענס ווי ווייט מעגליך אויפצודעקען. וואָס טוט אָבער דער אַרבעטער-פירער? ער העלפט באַהאַלטען די פאַרברעכענס, און דערמיט העלפט ער דירעקט דעם קאַפּיטאַליסט פאַרברעכעריש צו פאַרנאַכלעסיגען די זיכערקייט פון דעם אַרבעטער'ס געזונט און לעבען. וועגען דעם דאָזיגען מין טובות פון קאַפּיטאַליזם קאָנען געבען אַ שטיקעל באַגריף די פאָלגענדעביישפּילען, בלויז אַ פאָר פון אן אומענדליכער צאָל.

אין סילווער באו באַצירק (מאָנטאַנא) איז סעם דזשאַנסאָן סעקרעטאַר פון דער „מיל סמעלטערס יוניאָן" קאָראָנער (אונ־טערזוכער פון פאַרדעכטיגע טויט־פאַלן און מאָרדען) און פּיטער בריען, פון דער מינען־גרעבער יוניאָן איז באַצירק־פּראָקוראָר. „אומגליק־צופאַלען", אין וועלכע מינען־אַרבעטער און מעטאַל־שמעלצער ווערן פאַרקריפּעלט אויפ'ן גאַנצן לעבן, אָדער ווע־רען גע'הרג'ט און וועלכע קומען פאָר נאָר אַ דאַנק די פאַרברע־כערישע קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדען פון פּראָדוקציע, זיינען אַ טאָג־טעגליכע ערשיינונג אין יענער געגענד. דזשאַנסאָן האַלט שוין זיין אַמט פאַר די לעצטע 17 חדשים. און מיט בריען'ס הילף איז פאַר דער גאַנצער צייט קיין איין־איינציגער — יאָ, קיין איין־איינציגער פּראָצעס ניט פאַרפירט געוואָרען וועגען אַזעלכע פאַלען; אַלץ ווערט פאַרשטיקט.

מיט עלף יאָר צוריק האָט מען אין ניו יאָרק אויפגעהויבען אַ געשריי געגען די פאַרברעכענס פון דער אַדיראָנאַק אייזענבאַן־געזעלשאַפט — פון וואַנדערבילטס באַן־סיסטעם — אנטקעגען אירע אַרבעטער, וועלכע מען האָט מיט שווינדעל און באַטרוג פאַרשלעפּט צו בויען די ליניע. פלאָרענס פ. דאַנאַוואַן פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער טיפּאָגראַפישער יוניאָן", וועלכער איז אין יענער צייט געווען אַ „קאָמישיאָנער אוו אַרביטריישאָן", איז באַשטימט געוואָרען פאַר אַן אונטערזוכונג. עס איז באַוויזען געוואָרען, אַז די באַן־געזעלשאַפט האָט אים אונטערגעקויפט מיט 500 דאָלאַר, ער זאָל זי ריינוואַשען; און ער האָט כשר פאַרדינט דעם כאַבאַר; כאָטש ער האָט מיט שאַנד פאַרלאָזען זיין אַמט, האָט אָבער די באַן־געזעלשאַפט אַ האָר ניט געליטען.

ווען „דער גרויסער נאָרדליכער טונעל" (אין שטאַט וואַ־שינגטאָן), וואָס מען רופט „קאַסקאַדען טונעל", איז געעפענט געוואָרען, זיינען אין אים דריי אָדער פיר אַרבעטער דערשטיקט געוואָרען אויף טויט אַ דאַנק דעם וואָס די באַן־געזעלשאַפט האָט זיך געאיילט אָנצוהויבען צו טרייבען צוגען אויף דער ליניע. די שטאַט־לעגיסלאַטור האָט באַשטימט אַן אונטערזוכונג־קאָ־מיסיע. וויליאַם בלעקמען, אַ מיטגליד פון דער סיאַטלער טיפּאָ־

גראַפישער יוניאָן, וואָס איז דעמאָלט געווען „לייבאָר קאָמישאַנער“, איז באַשטימט געוואָרען אין דער קאָמיסיע צו „רעפּרעזענטירען די ארבעטער“, דער איינשטימיגער באַריכט פון דער קאָמיסיע איז געווען, אַז דער טונעל איז געווען דורכאויס זיכער און אַז קיינער איז ניט פאַראַנטוואָרטלאך פאַר דעם אומגליק.

און אין פענסילווייניע. די אינספּעקטאָרען פון די מינען און פאַבריקען אין יענער אין בלוט-געווייקטער געגענד, אַ געגענד וואָס ווערט פעריאָדיש אויפגעטרייסעלט פון שרעקלאכע „אומגליק-צופאַלען“ צווישען די מינען-אַרבעטער, זיינען אַלע, כמעט ביז איינעם, ארבעטער-פירער. איר ווייסט, אַז קיינער נעמט זיך ניט אָן די קריוודע פון די פארקריפּעלטע און דער'הרג'עטע אַרבעטער — די ארבעטער-פירער פארדעקען די פאַרברעכענס.

## אַרבעטער-פירער שטיצען קאַפּיטאַליסטישע גרויזאַמקייט

אָבער דאָס אַלץ קאָן ניט אינגאַנצען ביישטיין דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. און זיי ווייסען עס. און דאָס לעצטע און ווירקזאַמסטע שטריקעל פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען פיילענבויגען, ווען אלע אַנדערע מיטלען העלפען ניט, איז זיך צו באַנוצען מיט דער ברוטאַלער מאַכט פון שטאַט. אויב דער צאָרן פון ארבעטער-קלאַס ברעכט דאָך אוים ניט קוקענדיג אויף אַלע אנשטרענגונגען צו אונטערדריקען, פארפירען און באַשווינדלען, ווערען רעקוויזירט דער שטעקען פון דעם פאליציסט, די ביקס פון דער מיליץ. און, ווען נויטיג, די מיליטערישע מאַכט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. וואָס באַטרוג און צייך-פארריידעניש האָבען ניט געקאָנט אויספירען, נעמט מען זיך דערגרייכען מיט דער הילף פון ברוטאַלער מאַכט.

עס איז פאַרשטענדלאך, אַז עס איז אין די אינטערעסען פון ארבעטער-קלאַס, אַם וויינינגסטען העפטיג צו פּראָטעסטירען געגען אַזעלכע גוואַלדטאַטען. אָבער וואָס טוט דער ארבעטער-פירער? פון זיין זיכערער אַמט-סיעדעלע איז ער אין זיין שטיל-

שווייגען מוחל די קאַפּיטאַליסטישע ברוטאַליטעט, און אַמאָל טרעפט עס, אַז ער אַפּלאָדירט איר.

דאָ האָט איר אַ פּאָר ביישפּילען פון דעם דאָזיגען מין טובות וואָס די ארבעטער־פירער טוען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס:

ווען די ענגלישע מינען־אַרבעטער זיינען אין 1893 אויסגעשאָסען געוואָרען פון סאָלדאַטען און דער ליבעראַלער אינערן־מיניסטער אסקוויטה „האָט אויף זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטלאַכקייט דערפאַר“, האָט דזשאָן בוירנס, דער ארבעטער־פירער אין ענגלישען פאַרלאַמענט, געשטיצט מר. אַסקוויטה'ען.

דייוו קאָוטס, פּרעזידענט פון דער אַרבעטער־פעדעראַציע פון קאָלאָראַדאָ, גייט שווייגענד פאַרביי, אַלס וויצע־גאָווערנאָר פון שטאַט, די פעריאָדישע פּאָליציי־אַטאַקעס און שיסערייען אויף די ארבעטער. ער האָט אויך אַגיטירט פאַר טשאַרלס ס. טאָמאַס, וועלכער איז אין 1898 באַלוינט געוואָרען פון די קאָלאָראַדאָ'ר קאַפּיטאַליסטען מיט דער נאָמינאַציע פאַר גאָווערנאָר פאַר זיין דערקלערונג, אַז די מינען־אַרבעטער פון בול היל זיינען „בויאַנעס און אונטערצינדער“.

אין ניו יאָרק זיינען די שוין דערמאָנטע סעם פּריגם און וויליאַם מאַהער, און פאַר זיי וויליאַמס פון דער סטאָליאַרעס־יוניאָן, רואיג געזעסען אין דער לעגיסלאַטור בעת די גאָווערנאָרס פלאַוער, מארטאָן און אָדעל האָבען באַנוצט די שטאַט־מיליץ געגען די באַן־ארבעטער אין באָפעלאָ, ברוקלין און אָלבאַני, וואָס האָבען געסטרייקט פאַר דער אָפּהיטונג פון'ם צען־שטונדען געזעץ. די מיליץ איז געשיקט געוואָרען צו שטיצען די קאַפּיטאַליסטען, וואָס האָבען דאָס געזעץ פאַרלעצט. די כאָפּטע אַרבעטער־פירער אין דער לעגיסלאַטור האָבען געהאַט די מאַכט פאָרצושלאָגען, אַז מען זאָל די גאָווערנאָרס אָנקלאָגען און אַראָפּזעצען פון אַמט, זייער שווייגען איז געווען אַ קלאָרער אויסדרוק פון גוטהייסען. און לאָמיר אין פאַרבינדונג דערמיט פאַרציי־כענען, אַז באַלד נאָך גאָווערנאָר פלאַוער'ס האַנדלונג געגען די סטרייקער און נאָך די אַפּלאָדיסמענטען פאַר'ן גאָווערנאָר פון זיין אונטערשטיצער חבר־דעמאָקראַט דזשייקאָב קאַנטאָר, איז

דער זעלבער קאָנטאָר נאָמינירט געוואָרען פאר שטאַט-סענאַטאָר און אַ צווייטער אַרבעטער-פירער, סעמיועל גאָמפּערס האָט אים דערקלערט פאר א „פריינד פון ארבעטער“.

אין סט. פאול, מינעסאָטא, פאַרנעמט אַ געוויסער ב. פּ. מאָרגאַן, אַ מיטגליד פון לאדזש 31 פון דער „סווימשמענס יוניאָן“, אַן אַמט אין דער שטאָטישער פּאָליציי. און נים קוקענדיג אויף זיין טאָפּעלטער באַשעפטיגונג — אָדער אפשר צוליב איר — איז ער געווען אַ דעלעגאַט צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן פון זיין פאַך אין מילוואָקי, וויסקאָנסין. איר קאָנט זיך גרינג אָנ-שטויסען צוליב וועלכע מעלות זיינע די קאַפּיטאַליסטישע רעגי-רונג פון סט. פּאָול האָט אויסגעקליבען דעם דאָזיגען ארבעטער-פירער צום פּאָליציי-אַמט. און איר קאָנט זיך אויך אָנשטויסען, ווער עס האָט געווירקט, מען זאָל אים אויסקלייבען פאַר אַ דע-לעגאַט צו דער קאָנווענשאָן און וואָס זיין מיסיע דאָרט איז געווען.

אין דעטראָיט, מישיגען, איז אַ געוויסער פּ. קאָלינס גע-הויכט געוואָרען ביים קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, ווייל ער האָט געשאָסען אויף די שטאָטישע אָנגעשטעלטע אין קאָנערס קריק. ער האָט נאָכדעם חשק באַקומען צו זיין אַ קאַנדידאַט פאַר שעריף. אָבער אַזוי ווי זיינע קאַפּיטאַליסטישע אונטערשטיצער האָבען מורא געהאַט אַז זיינע מעשים אין קאָנערס קריק וועלען נים נושא חן זיין בא די אַרבעטער-בירגער, האָבען זיי געדונגען העברי אייקאָף פון דער „דעטראָיט פּאָלישערס יוניאָן“, ער זאָל העלפען קאָלינס'ען. קאָלינס איז ערווײלט געוואָרען און זיינע קאַפּיטאַליסטישע אונטערשטיצער האָבען באַלוינט אייקאָף'ן מיט'ן אַמט פון אַ פאַבריק-אינספּעקטאָר.

## ווי מען צעברעכט דעם אַרבעטערס וואַפע

עס איז קלאָר, אַז אַן אומאָפּהיינגיגע, קלאַסענבאַוואוסטע פּאָליטישע אַקציע איז דעם אַרבעטערס ווירקזאַמסטע וואַפע. ווי נוצליך אַנדערע וואַפען זאָלען נים זיין, די דאָזיקע וואַפע איז אַן אַנטשיידענער פאַקטאָר. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האָט

די איבערהאַנט, ווייל ער באַזיצט די פּאָליטישע מאַכט. קיין וואַפע, אַ חוץ דער פּאָליטישער, קען ניט ארויסשטויסן די אוזורפּאַטאָרען און אוועקזעצן אויפ'ן טראָן דעם אַרבעטער־קלאַס; דאָס הייסט באַפרייען דעם אַרבעטער און אויפבויען די סאָציאַליסטישע רעפּובליק. און קיינער פארשטייט עס ניט אַזוי גוט, ווי דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, און קיינער איז ניט אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווי דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, אָפּצואווענדען די אַרבעטער־כחות פון אומאָפּהייניגער קלאַסען־באַוואוסטער פּאָליטישער טעטיגקייט. עס איז קלאָר, אַז לטובת דעם אַרבעטער־קלאַס דאַרף מען אים מונטערען צו קלאַסען־באַוואוסטער פּאָליטישער טעטיגקייט. וואָס טוט אָבער דער אַרבעטער־פירער? פון ענגלאַנד, נאָך מערב איבער די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע ביז אויסטראַליע, געפינען מיר די אַרבעטער־פירער אין געשלאָסענע רייען קעמפּענדיג געגען דעם געדאַנק וועגען אַזאַ טעטיגקייט. אַלס אמת'ע פעסטונג־וואַנט פון קאַפּיטאַליזם, שטרעבען זיי אָפּצואווענדען די פּאָליטישע ריכטונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג צו די קאַנאַלען פון קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיק, וואו מען קאָן אין זיכערהייט צעברעכען דעם אַרבעטער'ס וויכטיגסטע וואַפע — זיין אומאָפּהייניגע קלאַסען־באַוואוסטע פּאָליטישע אָנשטריינגונג.

## דער אַרבעטער־פירער און דער פּלעבעער־פירער

אָט דאָס זיינען די פאַקטען וועגען דער קאַריערע פון דעם אַרבעטער־פירער אומעטום. אומעטום האַלט דער אַרבעטער־פירער זיין שטאַט־אַמט מיט דער גנאָד פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. אַפילו אין פאַלען, וואָס זעען אוים ווי אויסנאַמען, איז די אויסנאַם נאָר אַ שיינבאַרע. אין דער הינזיכט האָבען מיר אַ גענויע פּאַראַלעל צווישען אַרבעטער־פירער און פּלעבעער־פירער:

פונקט ווי דער פּלעבעער־פירער, איז דער אַרבעטער־פירער „פּראַקטיש" און ער באַרימט זיך דערמיט; ער טראָגט זיך ניט ארום מיט „חלומות" און „יאָגט זיך ניט נאָך רעגענבויגענס".

פונקט ווי דער פּלעבעער־פּירער, זעט אויך דער אַרבעטער־פירער קיין אויסוועג ניט פון דער עקזיסטירענדער סאָציאַלער אָרדנונג. ער וועט צוגעבען די צרות פון קאַפּיטאַליזם; עס לוינט זיך אים צוצוגעבען; אָבער פונקט ווי דער פּלעבעער־פירער פון אַמאָל, שטעלט זיך דער היינטיגער אַרבעטער־פירער ניט דעם ציל אויסצופּלעשען די פּלאַמען, וואָס ברייננען אום דעם קלאַס פון לוין־שקלאַפען.

פונקט ווי דער פּלעבעער־פירער, נעמט דער אַרבעטער־פירער אָן די סאָציאַל־עקאָנאָמיע פון׳ם הערשענדען קלאַס: „אָרימקייט איז תמיד געווען; אָרימקייט וועט שטענדיג זיין".

דער פּלעבעער־פירער האָט מיט פאַראַכטונג באַטראַכט דעם פּלעבעאישען פּראָלעטאַריאַט און מיטעל־קלאַס פאַר אַ האָפנונגס־לאָזען, הילפלאָזען עלעמענט, וואָס טויג נאָר אויף איין זאַך — אויסגענוצט צו ווערען, און האָט זיך באַנוצט מיט זיין רעליגיע צו סאַנקציאָנירען די עקספּלואַטאַציע פון די דאָזיגע קלאַסען. און פונקט אַזוי האָט דער אַרבעטער־פירער קיין גלויבען ניט אין דער פייאיגקייט פון׳ם אַרבעטער־קלאַס זיך צו באַפרייען.

און ענדלאַך, אלס פועל יוצא פון אַלעם דעם, פונקט ווי דער פּלעבעער־פירער האָט געשטרעבט זיך צו פאַרהיטען פון די צרות פון פּלעבעערטום, אויפן חשבון פון די פּלעבעאישע מאַסען און האָט זיך באַזאָרגט אי מיט דער עקאָנאָמישער מאַכט, אי מיט די פּאָליטישע פּריווילעגיעס פון׳ם פּאַטריציאַניזם — פונקט אַזוי איז די איינציגע שטרעבונג פון׳ם היינטיגען אַרבעטער־פירער וואַרעם צו מאַכען זיין אייגענע נעסט. און אין דער דאָזיגער שטרעבונג ווערט ער, צום שאדען פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אַ שטיצע פאַר דעם קאַפּיטאַליזם.

עס בלייבט נאָך איבער צו באַטראַכטען, נאָך איין שטריך — און דעם וויכטיגסטען — אין דער פיזיאָנאָמיע פון׳ם פּלעבעער־פירער: דעם אומשטאַנד, וואָס האָט אים געגעבען די מיטלען צו דערגרייכען זיין ציל. דער אומשטאַנד, וועט איר זיך דערמאָנען, איז געווען, וואָס ער האָט אינאיינעם מיט אַנדערע געטראָגען דעם נאָמען „פּלעבעער". דער נאָמען האָט געשאַפען

דעם פאַלשען איינדרוק וועגען „געמיינשאַפטלאַכקייט פון אינ־טערעסען" באַ אים און באַם פלעבעאישען מיטעל־קלאַס און פּראָ־לעטאַריאַט ; דער נאָמען האָט אים פאַרזיכערט דעם צוטרוי פון די מאַסען ; דער נאָמען האָט אים אריינגעלייגט אין די הענט דעם שטעקען, וואָס ער האָט אויפגעהויבען איבער'ן קאָפּ פון'ם פּאַטריציאַט, און ער האָט מיט זיין הילף אַרויסגעריסען באַם פּאַטריציאַט יענע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען אים נויטיג געווען זיך צו באַשיצען געגען דעם גיהנם פון פלעבעאיזם. אָט דער שטריך איז געווען דער אנטשיידענער פאַקטאָר אין דער פיזיאָ־נאָמיע פון דעם פלעבעער־פירער. אָט דער שטריך האָט געמאַכט דעם פלעבעער־פירער פאַר יענעם סטראַטעגישען כח, וואָס האָט באַפעסטיגט דעם פּאַטריציאַניזם, און האָט, פאַלגלאַך, געקאָנט האָבען, און האָט באמת געהאַט אַ טויטלאַכע ווירקונג אויף די באַרויבטע מאַסען. און ווי האַלטען מיר אין דער הינזיכט מיט'ן אַרבעטער־פירער ? עס איז פונקט דאָס זעלבע.

דער אַלגעמיינער נאָמען „אַרבעטער", וואָס קלעפּט זיך צום אַרבעטער־פירער און וואָס ער האַלט אייפריג אויף, טוט אויף פאַר'ן אַרבעטער־פירער דאָס זעלבע וואָס דער אַלגעמיינער נאָ־מען „פלעבעער" האָט אויפגעטאָן פאַר'ן פלעבעער־פירער. דער נאָמען איז דאָס געמיינשאַפטלאַכע צווישען אים און די אַרבע־טענדע און אויסגעזויגענע לוין־שקלאַפען אין די פאַבריקען און ווערקשטאַטען און שטעלט אים אַוועק אין דעם ליכט פון אַ „ברודער־אַרבעטער". אין דעם פאַל, פונקט ווי אין דעם פאַל פון'ם פלעבעער־פירער, איז דער עולם — דער קאַפּיטאַליסטישער פונקט ווי דער פּראָלעטאַרישער — געוויינלאַך אַ קרבן פון אַ פאַרבלענדעניש — אַ פאַרבלענדעניש, פון וועלכער עס איז אַמאָל געווען פריי דער פלעבעער־פירער און עס איז איצט פריי דער אַרבעטער־פירער. און היינט, פונקט ווי אין דער צייט פון דעם פלעבעער־פירער, איז די איינריידעניש פאַר'ן אַרבעטער־פירער אַ מיטעל אַרויסצורייסען באַם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס זיכערקייט **פאַר זיך.**

עס איז אמת : עס איז פאַראַן אַ באַשטימטער אונטערשייד

צווישען דער דאָזיגער זיכערקייט און דער זיכערקייט, אין וועל־כער דער פלעבעער־פירער האָט זיך געניטיגט, צו וועלכער ער האָט געשטרעבט און וועלכע ער האָט דערגרייכט. די טעאָ־רעטישע פּאָליטישע גלייכהייט אין דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט, דער עיקר אין דער קאַפּיטאַליסטישער רעפּובליק, שאַפט אָפּ די פּאָליטישע שטרייט־פראַגען פון דעם פּאַטריצי־שען רוים. היינט איז די פראַגע פאַר די, וואָס נעמען אָן די עקזיסטירענדע סאָציאַלע אָרדנונג, נאָר אַן עקאָנאָמישע. און די „פּראַקטישע" חברה־לייט נעמען אָן, אַז די דאָזיגע פראַגע איז פאַרענטפערט, ווען מען איז פאַרזיכערט „מיט אַ לעבען", דאָס הייסט, **ווען מען אַרבעט נישט אלס לוין־שקלאַף.** עס איז קלאָר, אַז דער „לייטער פון זיכערקייט" איז באַם אַרבע־טער־פירער פיל נידעריגער ווי באַם פלעבעער־פירער; באַ אים דערגרייכט די טרעפּ די נידעריגקייט פון אַ „כאַבאַר". די שפּל־דיגקייט פון דער „זיכערקייט", וואָס שטעלט צופרידען דעם אַרבעטער־פירער, שטימט מיט דער נידעריגער מאָראַל פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַטמאָספערע און ענדערט ניט, ניט דעם כאַ־ראַקטער פון דעם אַרבעטער־פירער'ס טעטיגקייט און ניט איר ווירקונג. די הויפּט זאַך איז, וואָס ער קאָן דערגרייכען אַזאַ זיכערקייט; וואָס אַ מיספאַרשטענדניש העלפט אים דערגרייכען די זיכערקייט, און, ענדלאך, וואָס, אומוויסענד און פאַרדאַרבען ווי ער איז, געלינגט אים דער שווינדעל. און דאָס מאַכט דעם אַרבעטער־פירער, פּונקט ווי אַמאָל דעם פלעבעער־פירער, פאַר אַ פאַרבאָרגענער פּאָזיציע, פאַר אַ סטראַטעגישען פּאָסטען און קראַפט, וואָס איז אַ זייל און אַ פעסטונג פון'ם קאַפּיטאַליזם און מוז האָבען אַ דעמאָראַליזירענדע, שעדלאַכע ווירקונג אויפ'ן אַרבעטער־קלאַס.

און די דאָזיגע שעדלאַכע מאַכט פון דעם אַרבעטער־פירער האָט געהאַט איר ווירקונג. מיט דער וואַקסענדער צאָל אַרבע־טער־פירער, וואָס פאַרנעמען שטאַט־אַמטען, מיט דער גנאָד פון קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, און מיט דער נאָך גרעסערער צאָל פון יענע, וואָס שטרעבען צו געווינען די זעלבע גנאָד, איז דער

רעזולטאַט היינט צו־טאָג, אַז אפילו לויט דעם אָפיציעלען צענזוס פאַלט דער פראָצענט פון אַרבעטער פאַרדינסטען, ניט קוקענדיג אויפ׳ן וואַקסענדען פראָצענט פון אַרבעטער. די איצטיגע אַל־געמיינע לאַגע פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס אין לאַנד ווערט גוט כאַ־ראַקטעריזירט מיט׳ן גוט באַקאַנטען בייזען וויץ: „ווען אַן אַר־בעטער איז אַלט געוואָרען 45 יאָר, נעם און דערשיס אים; ער איז צו שטאַרק אָפּגענוצט פאַר וויטערען געברויך און איז צו אָרים צו זאָרגען פאַר זיך". אָבער ניט קוקענדיג אויף די אַלע פאַקטען, זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגען: „דער אַרבע־טער־פירער האָט ניט קיין באַדייטונג, איגנאָרירט אים". דאָס באַווייזט, אַז ניט אַלע שטרוים־פויגלען באַלאַנגען צום באַ־פעדערטען מין. און עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע וואָס דער־קלערען: „די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאַרף זיך ניט קימערען וועגען דעם אַרבעטער־פירער און זיינע אָרגאַניזאַציעס, דער קאַ־פּיטאַליזם אַליין ברייננגט זיי ביידע אום". און דאָס באַווייזט, וואוהין מען קאָן פאַרקריכען מיט אַבסטראַקטע וויסענשאַפט־לאַכע פרינציפּען, ווען זיי ווערען אַן אויסגעדראָשענער פסוק.

## וואָס צו טאָן?

דער סאָציאַליסט ווייסט, אַז פאַרן גליק פונ׳ם פאָלק איז נויטיג פריי צו ווערען פון קלאַסען־הערשאַפט. און ער ווייסט אויך, אַז דאָס איז געווען אוממעגלאַך אין דער צייט ווען מען האָט געקעמפט פאַר דעם ליצינישען געזעץ — פיר הונדערט יאָר פאַר דער איצטיגער צייט־רעכנונג. די אָפּשאַפונג פון קלאַסען־הערשאַפט האָט געמוזט וואַרטען אויף דער מאָדערנער מאַשינעריע פון פראָדוקציע. ערשט דעמאָלט איז מעגלאַך אָפּ־צושאַפען די ניט־אַבזיכטליכע אָרימקייט, ווען די מעכאַנישע פאַרפאָלקאָמענונג פון דער פראָדוקציע קאָן גרינג שאַפען גענוג רייכקייט, וואָס זאָל אַלעמען באַזאָרגען מיט יענער פרייער צייט, צו וועלכער די ציוויליזאַציע שטרעבט. דער סאָציאַליסט ווייסט דאָס און ער דיינקט ניט, אַז אין יאָר 400 פאַר דער איצטיגער צייט־רעכענונג האָט מען געקאָנט פאָלשטענדיג באַזייטיגען די

אורזאַכען פון דעם פאָלקס ליידען. ער ווייסט אָבער אויך, אַז אויב מען האָט די ליידען ניט געקאָנט אין גאַנצען אויסוואָרצלען, איז אָבער די פאַרשלימערונג פון די ליידען ניט געווען אומפאַרמיידלאַך און אַז די פאַרשלימערונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון צופעליגע פאַרמיידלאַכע אומשטאַנדען. די דאָזיגע אומשטאַנדען זיינען געווען: דער פלעבעער-פירער און די מיספאַרשטענדנים בנוגע אים, וואָס ער איז געווען בכח אויסצונוצען פאַר זיך. דער פלעבעער-פירער איז געווען אַ סטראַטעגישע פאָזיציע פון אומגעהויערער מאַכט פאַר אוזורפּאַציע און, פאָלגלאַך, פאַר דער אָפּשוואַכונג פונ׳ם רעוואָלוציאָנערען קלאַס. דעם רוימישען פּראָלעטאַריאַט. דערפאַר וואָס דער רעוואָלוציאָנערער עלעמענט האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען, האָט ער, אינאיינעם מיט׳ן גאַנצען פאָלק געליטען די קאָנסעקווענצען. דער נעטער סך הכל פון דער קאָמבינאַציע פון די דאָזיגע אורזאַכען איז געווען: וואַקסענדע אָרימקייט צווישען אַלץ גרעסערע מאַסען; פאַרגרעסערטע מאַכט פאַר אוזורפּאַציע און אַן אָליגאַרכיע; און — אַלס רייף צוזאַמענצוהאַלטען די קליאַפּקעס — די פאַרבלענדעניש, וואָס איז געקומען פון דעם נאָמען „פלעבעער", וואָס האָט געהאַלטען די אונטערדריקטע אין בלינדער צוגעבונדענקייט צום אונטערדריקער. צו דעם דאָזיגען רעזולטאַט, זאָג איך, האָט קיינער פון די צדדים ניט געצילט, ער איז אויף ביידע אַרויפגעצוואונגען געוואָרען: דער רעזולטאַט איז געווען אַז דאָס רוימישע פאָלק איז געוואָרען אַ פּראָפעסיאָנעלע רויבער-אַרמיי. און נאָכדעם ווי רוים האָט זיך אָנגעזעטיגט מיט רויב אויסער זיינע גרעניצען, איז די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, ווי איך האָב אָנגעוויזען אין אָנהויב, געוואָרען אַ קוואַל ניט פון נאַציאָנאַלער דערהוילונג, נאָר פון נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד.

דאָס וואָס דער רעוואָלוציאָנערער עלעמענט אין רוים האָט זיך אויסגעגליטשט און איז געפאַלען, איז פאַרצייַלאַך, מען קאָן עס אָבער ניט מוחל זיין דעם היינטיגען רעוואָלוציאָנערען עלעמענט — דעם לוין-שקלאַף אָדער דעם ארבעטער-קלאַס, אינאיינעם מיט די וואָס ווערען צוגעצויגען צו דער גרויסער אַרבעטער-

זאַך. צום אַלעם ערשטען איז גרינג צו פאַלען דאָרט, וואו דאָס לויפען איז אוממעגלאַך. די פּרימיטיווקייט פון דער פּראָדוקציע האָט, ווי איך האָב דערקלערט, געמאַכט אוממעגלאַך פאַר׳ן רוימישען רעוואָלוציאָנערען עלעמענט זיך צו באַפרייען. און צווייטענס, איז דער וועג אין רוים פון די יאָרען 500 ביז 400 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג נאָך ניט געווען באַלויכטען מיט דער ערפאַרונג פון עלטערע ציוויליזאַציעס. גאָר אַנדערש

איז עס אָבער איצטער.

היינט האָבען מיר דעם פאָרבאַדינג פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַפרייאונג: דער מעכאַניזם פון דער פּראָדוקציע האָט דערגרייכט די מדרגה, ווען „די רעדער באַוועגען זיך אַליין". כדי איינציגע זאָלען לעבען ציוויליזירט, איז איצט מער ניט נויטיג, אַז אַנדערע — און אודאי ניט אַלע — זאָלען ליידען נויט. ציוויליזירטע לעבענס־באַדינגונגען זיינען איצט מעגלאַך פאַר אַלע; און די קלאַסען־אינטערעסען פון׳ם רעוואָלוציאָנערען קלאַס — פון׳ם אַרבעטער־קלאַס — דיקטירען די פּראָגראַם: קאָלעקטיווען אייגענטום פון׳ם לאַנד, אויף וועלכען מען אַרבעט, און פון דעם געצייג, מיט וועלכען מען פּראָדוצירט. אין קורצען: אַ קאָאָפּעראַטיווע אדער סאָציאַליסטישע רעפּובליק. נאָכמער, היינט דאַרפען מיר ניט טאַפּען אין היסטאָרישער פינסטערניש. די פאַרגאַנגענהייט וואַרפט איר ליכט — און אַ העל ליכט — אויף אונזער וועג און פירט אונז. באַ דעם דאָזיגען ליכט קאָנען מיר לייענען די סטראַטעגישע באַדייטונג פון דעם אַרבעטער־פירער; באַם דאָזיגען ליכט קאָנען מיר באַמערקען, אַז ער, פּונקט ווי דער פאַרצייטיגער פלעבעער־פירער, פאַרקערפערט יענע צופעליגע אומשטאַנדען, וועלכע מען מוז אַנטשיידען באַקעמפען, אויב ניט, וועלען זיי זיכער צונישט מאַכען אַלע מעגלאַכקייטען פון פאַרבעסערונגען. די בלינדקייט פון דעם רוימישען רעוואָלוציאָנערען עלעמענט איז געווען פאַרציילאַך; בלינדקייט איצט, באַ אונז קאָן מען מיט קיין זאַך ניט פאַרענטפערען. די אַרמייי, וואָס פירט קריג אויף אַ פיינדלאַכער טעריטאָריע, טאָר ניט „איגנאָרירען" אַ סטראַטעגישע פּאָזיציע, וואָס

קאָן זי אומבריינגען; און מען טאָר ניט ערלויבען אַז מיט אַ פּאַ־פוגאיען־ענלאַכען נאָכריידען די סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע זאָל מען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איינריידען אַ ניט געשטויגענע זיכערקייט.

עס איז קיין ספק ניט, אַז דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטי־שער קלאַס וואָלט מיט צופרידענהייט אומגעבראַכט דעם אַר־בעטער־פירער און, אינאיינעם מיט אים, די „אָרגאַניזירטע אַר־בעטער", מיט וועלכע ער אָפּעריִרט. ער וואָלט עס אָבער גע־טאָן מיט ניט מער צופרידענהייט — און צוליב דעמזעלביגען גרונט — ווי די רוימישע פּאַטריציער וואָלטען צעשטערט דעם פלעבעער־פירער אינאיינעם מיט די אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע יענער האָט אָפּעריִרט. פאַרוואָס זאָלען מיר ערוואַרטען, אַז דער מאָדערנער אוזורפּאַטאָרען־קלאַס זאָל האָבען ווייניגער שכל ווי דער רוימישער פּאַטריציאַט, זיך צו באַנוצען מיט אַ פאָלק־פאַרבלענדעניש און האַלטען אין צוים די אַרבעטער מיט דער הילף פון דעם אַרבעטער־פירער? מיר האָבען געזען, אַז די פּאַטריציער האָבען באַוויזען די קונץ, כאָטש זיי האָבען דער־פאַר באַצאָלט מיט אַ סך וויכטיגע זאַכען, וואָס זיי האָבען גע־מוזט נאָכגעבען דעם פלעבעער־פירער; טאָ פאַרוואָס זאָל מען אָננעמען, אַז דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס איז אַ קלענערער „חכם", הויפּטזעכלאַך נאָך, ווען בלויז פאַר ביינער צום גריזשען איז דער אַרבעטער־פירער־הונט גרייט צו ערפילען זיינע באַפעלען?

אָבער מיר זיינען שוין פאַרביי די מדרגה פון „ערוואַרטען", „זיך פאָרשטעלען" און „ספּעקולירען" וועגען דעם ענין. האַננאַ'ס כאָטש פריצייטיגע אימיטאַציע פון קאַמילוס'עס טעמפּעל פאַר דער געטין פון האַרמאָניע מאַכט אַ סוף צו אַלע השערות. זייט באַ זייט מיט די פיר און צוואַנציג אַקטיווע גלידער פון קאַ־פּיטאַליזם געפינען מיר אין די נישען פון האַננאַ'ס טעמפּעל, געווידמעט דער געטין פון „אינדוסטריעלען שלום", די פיינסטע קאָלעקציע פון אַרבעטער־פירער — סעמיועל גאָמפּערס, דזשאַן מיטשעל, פּרעזידענט פון די „יונייטעד מיין וואָירקערס"; פרענק

פ. סאַרדזשענט, גרענדמייסטער פון דער „בראָדערהוד אָוו לאָקאָ־מאָטיוו פייערמען"; טהעאָדאָר שאָפער, פּרעזידענט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן, סטיל ענד טין וואָירקערס"; דזשיימס דאָנקאָן, גענעראַל־סעקרעטאַר פון די „גראַניט קאַטערס"; דעניעל דזש. קיעף, פּרעזידענט פון דער „לאָנגשאָרמענס אַסאָסיאיישאָן"; דזשיימס אָ'קאָנעל, פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער מאַשיניסטען אַסאָסיאיישאָן"; מאַרטין פאַקס, פּרעזידענט פון די „אייראָן מאָולדערס"; דזשיימס לינטש, פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער טיפּאָגראַפי־שער יוניאָן"; עדוואַרד ע. קלאַרק, גרענדמייסטער פון דעם „אָר־דער אָוו ריילוויי קאָנדוקטאָרס"; הערי וזהייט, גענעראַל־סעק־רעטאַר פון די „יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס" און וו. מעקאַר־טהור, רעדאַקטאָר פון „קאָוסט סימענס דזשוירנאַל". יעדער פון די דאָזיגע אַרבעטער־פירער פלוידערט וועגען „האַרמאָניע צווי־שען דעם אַרבעטגעבער און אַרבעטער"; אין אַנדערע ווערטער: יעדער פון זיי שטיצט די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם. דאָס וואָלט באַדאַרפט זיין אַ גענוגענדע וואָרנונג.

איך וויל דאָ ניט און וועל ניט אַנטייל נעמען אין דער דיס־קוסיע, וואָס גייט איצט אָן אין אונזער פּאַרטיי־פּרעסע וועגען דער „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס". איך מוז דאָ אָבער ברייגנען אַן אויסצוג פון „בריף צוואַנציג" אין דער דיס־קוסיע. חבר פרענסיס א. וועלש, פון לין זאָגט דאָרט:

„אויב די אַרבעטער זאָלען אין אַ גרויסען סטרייק זיך אַ קער טאָן אין דער ריכטונג פון שטימקאַסטען און די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס" זאָל ניט זיין אויפן פּלאַץ זיי צו ווייזען דעם ריכטיגען וועג, וועלען זיי באַטירלאַך אויסקלייבען די „לייבאָר פייקערס" וואָס פאַרפירען זיי, און דערמיט וועלען זיי צונישט מאַכען די צילען פון זייער אייגענער ספּאָנטאַנער, ערלאַכער, גוט־געמיינטער באַוועגונג".

איך גיב צו דעם דיאַלעקטישען פּונקט, אַז מען קאָן ניט ציען דעם לאָגישען שלוס, אַז ווייל אַ געוויסע זאַך איז שלעכט, דאַריבער איז אַ געוויסע צווייטע זאַך דער ריכטיגער מיטעל

זי צו באַזייטיקן. אַזאַ שלום וואָלט זיך גענויטיקט אין באַווייזן. דעריבער לאָז איך דאָ אויס יענעם טייל פון דער ציטאַטע, וואָס באַהויפּטעט, אַז די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר עלייענס" איז נויטיק צו פאַרמיידן די סכנה, אויף וועלכער דער שרייבער ווייזט אָן. וואָס איך וויל דאָ אונטערשטרייכן איז, אַז דער אַרבעטער-פירער — ער געברויכט דעם אויסדרוק „לייבאָר פּיי־קער" — וואָלט, אונטער געוויינלאַכע אומשטענדן, אויסגע־קליבן געוואָרען פון דער אַרבעטער-מאַסע פאַר אַ פירער אין אירע פּאָליטישע אויסברוכען און דערמיט וואָלט דער אַרבע־טער-קלאַס ניט-ווילענדיק צונישט געמאַכט זיינע אייגענע ערלאַכע, ערנסטע אַבזיכטען. דער אַרבעטער-פירער וואָלט אים פאַרקויפט. דער חבר פון לינן האָט דאָ געטראָפען אין פּינטעל אַריין. דערצו קאָן קיין זאַך ניט שטערען דעם אַרבעטער-פירער אויסצולערנען אויף אויסענווייניג אַ פּאָר סאָציאַליסטישע פראַ־זען — און וואָס וויסענשאַפטלאַכער די פראַזען קלינגען, אַלץ בעסער איז עס פאַר זיין ציל — און דערמיט זיך באַפעסטיגען, חוץ מיט דער איינריידעניש וועגען זיין געהעריגקייט צום „אַר־בעטער-קלאַס", נאָך אויך מיט דער פאַרבלענדעניש, אַז ער איז אַ „סאָציאַליסט". פּאַקטיש, פּרוואוט מען שוין זיך באַנוצען מיט דעם קונץ. אויף אַזאַ אופן, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען אין מיין פאָררעדע, קאָנען אַבסטראַקטע וויסענשאַפטלאַכע דיסער־טאַציעס, וואָס ווערען ניט באַגלייט פון אַ גענויער באַקאָנטשאַפט מיט — אַזוי צו זאָגען — דער טאָפּאָגראַפיע פון דעם פעלד פון דער סאָציאַלער פראַגע, פירען צום חורבן פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג.

אין דעם פייער פון רעוואָלוציאָנערער אומרו, אין די יאָרען 400 ביז 500 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג, איז די רוימי־שע געזעלשאַפט אַראָפּ פון וועג און איז געוואָרען אַ וואַפע פאַר נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד. לאָמיר זיך באַפרייען פון פאַטאַליזם. די סאָציאַליסטישע רעפּובליק איז ניט קיין פאָר־אויס באַשטימטע, אומפאַרמיידלאַכע עוואָלוציע. די סאָציאַ־ליסטישע רעפּובליק הייננט אָפּ ניט נאָר פון די מאַטעריעלע

באַדינגונגען; זי הייבגט אָפּ פון זיי — און אויך פון דער קלאַ־ רער וויזיאָן צו העלפען דעם פּראָצעס פון עוואָלוציע. און די מיטהילף פון דעם אינטעלעקט איז קיינמאָל ניט אַזוי נויטיג געוועזן אין דעם קלאַסען־קאַמף אין די פריערינע פאַזען פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע, ווי אין דער איצטיגער פאַזע, וואָס איז דער קולמינאַציאָנס־פונקט פון דער עוואָלוציע.

וועט דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס פון היינטיגער צייט, וואָס לעבט אין צייטיג געוואָרענע באַדינגונגען, אויסנוצען די געלעגענהייט צו ערפילען זיין היסטאָרישע מיסיע? אָדער זאָל דער רעוואָלוציאָנערער פונק פאַרשטיקט ווערען אַזוי אַז ער זאָל, ווי פאַרצייטענס אין רוים, ווערען אַ וואַפע פאַר נאַציאָנאַ־ לען זעלבסטמאָרד? קאָן עמיצער פּנים־אל־פּנים מיט דער אינ־ וואַזיע פון די פיליפינען־אינזלען און מיט די שרעקענס, וואָס באַגלייטען די עראָבערונג, לייקענען, אַז די פראַגע איז אַ ברענענדיגע?

דער ענטפער הייבגט הייגט אָפּ, ניט נאָר פון דער באַ־ קאַנטשאַפט מיט דער וויסענשאַפטלאַכער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע. ער הייבגט אָפּ דערפון, און אויך פון דער גענויער באַקאַנטשאַפט מיט די סטראַטעגישע אייגענ־ שאַפטען פון׳ם קאַמף־פעלד. און קיין סטראַטעגישער פּאָזיציע מוז ניט די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־באַוועגונג שיינקען אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט ווי דעם אַרבעטער־פירער און גע־ גען קיין פּאָזיציע דאַרף זי ניט אָנווענדען מער ענערגישע מיט־ לען, ווי געגען דעם אַרבעטער־פירער.

דער פּאַרצייטיגער פלעבעער־פירער איז געוועזן אַ סטראַ־ טעגישער פּאָסטען פאַר דעם פּאַטריציאַט און אַ קוואַל פון צרות פאַר׳ן פּראָלעטאַריאַט. און פונקט אַזוי און צוליב די זעלבע אור־ זאַכען איז דער היינטיגער אַרבעטער־פירער ניט מער ווי אַ פאַרמאַסקירטע באַטאַריע, וואָס פון הינטער איר טוט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס זיין אַרבעט, וואָס ער וואָלט ניט גע־ קאָנט טאָן אָן איר — פון פאַרשקלאַפען און לאַנגזאַם דעגראַ־ דירען דעם אַרבעטער־קלאַס און אינאיינעם דערמיט, פון פאַר־ דאַרבען און רואינירען דאָס לאַנד.

# די וואָרנונג פון די ברידער גראַקכי

חברים פון דער נויאָרקער סעקציע!

דאָס דאָזיגע צווייטע בלאַט פון דער רוימישער געשיכטע — „די וואָרנונג פון די גראַקכי ברידער" — איז אַ מין דערגענצונג צום ערשטען בלאַט. דאָס ערשטע בלאַט—„דער פלעבעער-פירער און דער אַרבעטער-פירער" — האָט געהאַט צו טאָן מיט סטראַטעגיק, דאָס דאָזיגע — מיט טאַקטיק. דאָס ערשטע האָט אָנגעוויזען אויף דער אייגענאַרטיגער סכנה פאַר דער סאָציאַליסטישער אָדער אַרבעטער-באַוועגונג פון אויסוויינינג; דאָס דאָזיגע האָט דעם ציל אָנצודייטען די אייגענטימלאַכע שוואַכקייט פון אונזערע אַרמייען אין שלאַכט. דאָס ערשטע איז געמיינט געוואָרען פאַר אָנגריף, דער ציל פון דעם צווייטען איז צו וואָרענען.

## דאָס געזעץ פון רעוואָלוציאָנערער נאָכפאָלגערשאַפט

דער סאָציאַליסט איז ניט ענלאַך צו יענעם הינדעל אין דער פאַבעל, וואָס האָט, ווי עס איז נאָר-וואָס אַרויסגעקראָכען פונ'ם איי און נאָך מיט אַ שטיק איי-שאָלאַכץ אויפ'ן רוקען, אַ קוק געטאָן אויף דער וועלט און געזאָגט: „ווי עס איז, אַזוי איז עס שטענדיג געוועזען און אַזוי וועט עס תמיד זיין". דער סאָציאַליסט — צי מיט אַזאַ שאָלאַכץ אויפ'ן רוקען, צי אָן איר — ווייסט, אַז עס איז ניט תמיד געוועזען אַזוי ווי עס איז; און עס וועט ניט בלייבען באַם היינטיגען צושטאַנד.

דער סאָציאַליסט קוקט צוריק אין דער געשיכטע און זעט, אַז אונזער וועלטעל געפינט זיך ניט אין אַ צושטאַנד פון רואיגען גלייכגעוויכט וואָס ווערט צעטרייסעלט פון געוואַלטזאַמע איבערקערענישען; און ער פאַרשטייט דערפון אַז דאָס, וואָס מיר זעען איצט, איז נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט.

דער סאָציאַליסט כאַפּט אַ בליק אונטער דער אויפגעברויז־
טער איבערפלאַך פון דער אויפגעברויזטער מאַסע און ער
אַנטדעקט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן ניט נאָר מיט טומל און
כאַאָס. ער געפינט אויס, אַז קלאָר אָנגעדייטעטע סאָציאַלע ענ־
דערונגען האָבן געפאָלגט איינע נאָך דער צווייטער. אַז אַ
סך ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען לאַנג, לאַנג פאַר זיין צייט
און נאָך זיי זיינען געקומען אַנדערע, וואָס זיינען אויך פאַרי־
בער איידער ער איז געבוירן געוואָרן, כדי צו מאַכן פּלאַץ
פאַר דער סאָציאַלער אָרדנונג, אין וועלכער ער לעבט איצטער.

דער סאָציאַליסט קוקט זיך נאָך בעסער צו און ער דער־
קאָנט אַז די סאָציאַלע ענדערונגען האָבן ניט נאָר נאָכגעפאָלגט
איינע דער צווייטער, נאָר אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט שטיי־
גערונג פון רעוואָלוציעס. ער באַמערקט, אַז דאָ האַנדעלט זיך
ניט וועגן „אַ כוואַליע וואָס פאָלגט נאָך אַ כוואַליע“, נאָר ווע־
גען אַן אַנטוויקלונג.

מיט אויגען, וואָס ווערען אַלץ געניטער, אַנטדעקט דער
סאָציאַליסט, אַז יעדע איבערקערעניש באַצייכענט דעם פאַל
און דעם אונטערגאַנג פון אַ הערשענדען קלאַס, און דאָס פאַלען
פון׳ם הערשענדען קלאַס איז דער אויפטו פון אַ באַהערשטען
קלאַס, וועלכער אַנטוויקעלט זיך פון זיין זייט אין אַ הערשער־
קלאַס און הויבט אָן געוועלטיגען איבער אַ נייעם באַהערשטען
קלאַס, וואָס פאַרנעמט שפּעטער, פון זיין זייט, דעם פּלאַץ פון
די אונטערדריקער; און אַזוי ווייטער.

מיט דעם דאָזיגען שליסעל, וואָס ער באַקומט פון די אויס־
פאָרשונגען, דערגראָבט זיך דער סאָציאַליסט צום סוד פון דעם
כח, וואָס איז פאַרבאָרגען אין דער דאָזיגער פּראָגרעסיע פון
רעוואָלוציעס און וואָס רופט זיי אַרויס. עס איז דאָס געזעץ
פון עקאָנאָמישער עוואָלוציע. יעדער הערשער־קלאַס פאַר־
טרעט אַ באַשטימטע עקאָנאָמישע סיסטעם, וואָס איז געבוירען
געוואָרען פון אַ פריערדיגער. דאָס פאַלען פון אַ הערשענדען
קלאַס מיינט דאָס פאַלען פון אַן עקאָנאָמישער סיסטעם. ווען
די עקאָנאָמישע אָרדנונג פון אַ הערשענדען קלאַס האָט זיך אָפּ־

געגוצט, ווען זי איז אונטערגעגראָבען געוואָרען פון דער עקאָ־נאָמישער סיסטעם אין דעם מוטער־לייב פון דעם אונטערגע־יאָכטען קלאַס, ווערט זי אָוועקגעוואָרפען. דער פאַל פון אַ הערשענדער סאָציאַלער אָדער עקאָנאָמישער סיסטעם הייגגט אָפּ פון דער רייפקייט פון דער נעקסטער סיסטעם, וואָס דאַרף פאַרנעמען איר פּלאַץ, און דער אויספירער פון די דאָזיגע דעק־רעטען פון דער סאָציאַלער עוואָלוציע איז דער אונטערדריקטער קלאַס, וואָס זיינע קלאַסען־אינטערעסען דיקטירען די געבורט פון דער נייער סיסטעם און וואָס נעמט דעמאָלט איבער אין זיינע הענט די רעגירונגס־לייצעס.

איין אילוסטראַציע וועט דאָ זיין גענוג. מיר וועלען ניט גיין אויף צוריק ווייטער פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג. מיר זע־ען אַז די אָרדנונג איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער עס איז געוואַקסען און האָט אַנגעקליבען כחות, אונטער די שוצענדע צווייגען פון דעם פעאָדאַלען בוים גופא, אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדנונג, וואָס איז געווען בכח אונטערצוגראָבען די פעאָדאַלע אָרדנונג און מאַכען די פעאָ־דאַלע הערשער אָפּהייגגיג פון זיך. די פעאָדאַלע הערשאַפט איז געווען באַזירט אויף **לאַנד**. באַם אונטערגעוואָרפענעם קלאַס — באַ דער בורזשואזיע אָדער באַם צוקונפטיגען קאַפּי־טאַליסטישען קלאַס — איז אויפגעשטאַנען אַ נייע אָרדנונג, די קאַפּיטאַליסטישע, וואָס איר פונדאַמענט איז געווען **קאַפּיטאַל**, און די נייע אָרדנונג האָט לאַנגזאַם אונטערגעגראָבען דעם פונ־דאַמענט פון דעם הערשענדען קלאַס, ביז עס איז געקומען דער טאָג, ווען אַ נייע סיסטעם, פאַרשידען פון איר, האָט זי געהאַל־טען באַם גאָרגעל. און דעמאָלט איז געקומען דער פאַל; און דעמאָלט איז געקומען דער קאַמף; און די קאַפּיטאַליסטישע רע־וואָלוציע איז געמאַכט געוואָרען.

אויף אַן ענלאַכען שטייגער, מערקען מיר, גייט עס צו איצט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. עס איז ווידער דאָסזעלבע: קולטיווירט און געקרעפטיגט אונטער די שיצענדע צווייגען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען בוים גופא, וואַקסט און

נעמט זיך אָן מיט כּחות אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדנונג, וואָס גראָבט אונטער די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם און מאַכט דעם מאָדערנעם הערשער־קלאַס, דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אָפּ־הייִנגיג פון זיך. קאַפּיטאַליזם איז געבויט אויפ׳ן **אינדיווידו־עלען** באַטריב און אייגענטום פון דער פּראָדוקציע־מאַשינעריע, און — ווידער טאַקע: באַם איצטיגען ׳אונטערדריקטען קלאַס — באַם פּראָלעטאַריאַט אָדער אַרבעטער־קלאַס — איז געבוי־רען געוואָרען אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדנונג — סאָציאַליזם, וואָס זיין פונדאַמענט איז **קאָלעקטיווער** באַטריב און אייגענטום פון דער פּראָדוקציע־מאַשינעריע. די סאָציאַליסטישע עקאָ־נאָמישע סיסטעם גראָבט ביסלאַכווייז אונטער דעם קאַפּיטאַליזם: דער אינדיווידואַליזם אין דער פּראָדוקציע פאַרשווינדט. ווען די עקאָנאָמישע פּרינציפּען פון אַ הערשענדען קלאַס ווערען אָפּ־גענוצט, דערנענטערט זיך אויך דער קלאַס צו זיין **סוף**. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס האַלט זיך מיט די לעצטע כּחות. ווען עס האָט געהאַלטען באַ אַזאַ צושטאַנד אין די טעג פון פעאָדאַ־ליזם, האָט דער זיג פונ׳ם קאַפּיטאַליזם געפאָלגט אויף אַן אומ־פאַרמיידלאַכען אופן, ווי נאַכט קומט נאָך טאָג, איז דעריבער דער זיג פונ׳ם סאָציאַליזם, די באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס פונקט אַזוי אומפאַרמיידלאַך?

די געפאַר צו ציען שאַבלאָנע שלוסען איז אַ נאַטירלאַכע און דעריבער אַן ערנסטע. „די פעאָדאַלע אָרדנונג", הערט מען אָפט פון פילע אויפריכטיגע סאָציאַליסטען — האָט אומגעוואָר־פען די טעאָקראַטישע אָרדנונג; די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט אומגעשטירצט די פעאָדאַלע סיסטעם; דעריבער **מוז** די סאָציאַליסטישע סיסטעם אומוואַרפען די קאַפּיטאַליסטישע". אייניגע דריקען עס אויס אויף אַזאַ שטייגער: „די טעאָקראַטישע הערשאַפט איז אומגעוואָרפען געוואָרען פונ׳ם קלאַס פעאָדאַלען; דער פעאָדאַלען־קלאַס איז אומגעשטירצט געוואָרען פונ׳ם קאַ־פּיטאַליסטישען; דעריבער **וועט** דער פּראָלעטאַריאַט אומ־ברייִנגען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס". און זיי נעמען אָן, אַז דערמיט האָבען זיי אָפּגעזאָגט אַלץ, וואָס עס איז פאַראַן צו

זאָגען וועגען דעם ענין. אין בעסטען פאַל, וועלען די דאָזיגע שאַבלאָנע דיינקער צוגעבען, אַז עס איז נוצלאָך אָנצורעגען דאָס פאָלק בכלל און דעם פּראָלעטאַריאַט בפרט מיט באַשרייבונגען וועגען דער שיינקייט פון דעם סאָציאַליסטישען נייעם ירושלים; דאָס אַליין. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס וועט שטיין מיט׳ן היטעל אין דער האַנט און וועט ערלויבען דעם פּראָלעטאַריאַט — אייניגע רופען עס „דאָס פאָלק“ — איבערצונעמען די ממשלה. און דאַ האָט איר אייער סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

די סאָציאַליסטישע וויסענשאַפט איז ניט קיין אויטאָמאַטי־שער ענין. זי ווייסט און זי לערענט, אַז קיין זאַך איז ניט דער רעזולטאַט פון איין אורזאַך, נאָר פון פיל אורזאַכען, וואָס ווירקען צוזאַמען. דעריבער נעמט די סאָציאַליסטישע וויסענ־שאַפט אונטערן מיקראָסקאָפּ די פייערלאַכע פּראָצעסיע פון די פאַרגאַנגענע קלאַסען־אויפשטאַנדען. די צוגעקומענע באַאָבאַכ־טונגען, וואָס מיר באַקומען דורך דעם, דעקען אויף דעם דאָזיגען וויכטיגען פּונקט: דער אַרבעטער־קלאַס, דער אונטעריאָכטער קלאַס, פון וועמען די אומשטירצונג פון׳ם קאַפּיטאַליזם און דער אויפבוי פון׳ם סאָציאַליזם הייגנט אָפּ, אונטערשיידעט זיך פון אַלע פריערדיגע אונטערדריקטע קלאַסען, אויף וועמען די גע־שיכטע האָט ארויפגעלייגט די אויפגאַבע אומצוואַרפען אַן אַלטע און שאַפען אַ נייע סאָציאַלע אָרדנונג.

מיר וועלען ווידער ניט גיין ווייטער צוריקוועגס ווי צו די טעג פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג. די כאַראַקטעריסטישע איי־גענשאַפט פון דעם דעמאָלדיגען רעוואָלוציאָנערען קלאַס, פון דער בורזשואַזיע איז געווען דער באַזיץ פון די מאַטעריעלע מיטלען, וואָס זיינען געווען אומבאַדינגט נויטיג פאַר זיין עקאָ־נאָמישער סיסטעם; פאַרקערט אָבער איז ביים היינטיגען פּראָ־לעטאַריאַט דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך דאָס, וואָס ער פאַר־מאָגט לחלוטין גאָרניט. בעת רייכטום איז לאָגישערווייז געווען דער קען־צייכען פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע, איז דער קען־צייכען פון׳ם פּראָלעטאַריאַט — אויך לאָגישערווייז — אָרימקייט. דער צייכען, דער סימפּטאָם, די מאָס פון בורזשואַ־

זער רײפקײט, פונקט װי פון דער רײפקײט פון אלע פריריגע אונטערדריקטע קלאסען פאר זײער באפרײאונג, איז געװען דער באזיץ פון די מאטעריאלען, װאס זײנען געװען דער פונדאמענט פון זײער אײגענער עקאנאמישער ארדנונג. דער כאראקטער־שטריך װידער, פון דעם פראלעטאריאט איז פאלשטענדיגע אפ־װעזענהײט פון װעלכער ניט איז מאטעריעלער עקאנאמישער מאכט.

שאפט דער דאזיגער אונטערשיד אן אונטערשיד אין דעם מהות פון דעם פראלעטאריאט און פון דער אמאליגער בורזשואזיע אלס רעװאלוציאנערער קלאס? נײן, זי שאפט אבער א װיכטיגען אונטערשיד אין זײערע טאקטישע אײגענשאפטען, אן אונטערשיד, װאס איז געװען א קװאל פון קראפט פאר די אמאליגע בורזשואזע רעװאלוציאנערע כחות אין זײער קאמף און פון שװאכקײט פאר דעם פראלעטאריאט.

עס איז, למשל, ניט געװען קײן זאך, מיט װאס דער פעאדאלער הערשער האט געקענט אראפפירען פון איר באשטימטען װעג די בורזשואזיע. דערמיט װאס די בורזשואזיע האט געהאט אין אירע הענט די עקאנאמישע מאכט, דעם קאפיטאל, פון װעלכען די פעאדאלען זײנען געװען אפהײנגיג, איז זי געװען זיכער אונטער׳ן פײער. די אײנציגע מיטלען פאר מאנעװרען, װאס זײנען געבליבען דעם פעאדאליזם, זײנען געװען די טיטולען. דער פעאדאליזם האט געקאנט שענקען די דאזיגע פוסטע כבודים און זײ נוצען אלס כאבאר פאר די פירער פון דער בורזשואזיע. די בורזשואזיע האט געהאט א שװאכקײט צו די דאזיגע „צאצקעס און שפילכלאך“, אבער די דאזיגע „צאצקעס און שפילכלאך“ האבען ניט געקענט פארניכטען די בורזשואזע רעװאלוציע. פארקערט, װען די פעאדאלע הערשער, װעלכע האבען שױן פארלארען זײער עקאנאמישע מאכט, האבען בא זיך אלײן צו־גענומען דאס אויסשליסלאכע רעכט אויף די פעאדאלע טיטולען, האבען זײ דערמיט אלײן אונטערגעיאגט זײער אײגענעם סוף. א „גוטער קעניג“, א „װײכהארציגע הערצאגין“ האבען אויף א װײל געקענט אפהאלטען די האנט, װאס האט זיך אויפגעהױ־

בען איבער׳ן קאָפּ פונ׳ם פעאָדאַליזם, די האַנט האָט זיך סוף כל סוף געמוזט אַראָפּלאָזן. רייכקייט גיט מאַכט; מאַכט גיט זעלבסט-צוטרוי. ווען די דאָזיגע מאַכט און גלויבען אין זיך גייען האַנט אין האַנט מיט קלאַסען-אינטערעסען און די אַנטוויקלונג פון די אינטערעסען ווערט געשטערט פון אַ סאָציאַלער שאָלעכץ, מוז די שאָלעכץ פּלאַצען. דער פּראָצעס איז כמעט אַן אויטאָמאַטישער.

אַנדערש איז עס אָבער מיט׳ן פּראָלעטאַריאַט. עס איז אַ קראַפט וואָס יעדער אַטאָם זיינער דאַרף אָנפילען אַ מאָגען, מיט אַ ווייב און קינדער, וועמענס מאָגענס דאַרפען אויך אָנגעפילט ווערען און, דערצו, מיט אַ צווייפעלהאַפטיגער פעאיגקייט צו באַפרידיגען די מאָגען-נויטען. קאַטאָ דער עלטערער האָט אויף זיין אָפענעם שטייגער באַמערקט: „דער בויך האָט ניט קיין אויערען“. צייטענווייז קאָן דער דאָזיגער אומשטאַנד ווערען אַ קראַפט, עס איז אָבער אַ קאַפּריזנע קראַפט. אָרימקייט איז דער קוואַל פון אומצוטרוי צו זיך אליין. מיט פאַרשטאָפּען דאָס מויל, מיט אַ צוגעוואָרפענעם ביינדעל קען מען דעם אָרימאַן כאַפּען אויף דער ווענטקע. און דער איצטיגער הערשער-קלאַס האַלט אין זיינע הענט די מיטלען צו פאַרשטאָפּען דאָס מויל און צוצוואַרפען אַ ביינדעל. און מיט זיי מאַנעוורירט ער.

דער אונטערשיד צווישען דער אַמאָליגער רעוואָלוציאָנערער בורזשואזיע און דעם איצטיגען רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט ווייזט אַז די בורזשואזיע איז געווען געזונט און שטאַרק, בעת דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז מעכטיגער אין צאָל, ליידט פון אַ געוויסער שוואַכקייט. און אויב עס זאָלען ניט אָנגענומען ווערען די נויטיגע מיטלען געגענצוואַווירקען, מוז די דאָזיגע שוואַכקייט אומפאַרמיידלאַך באַדייטענד אָפּוועגדען דעם קורס פון דער געשיכטע. און אין דעם דאָזיגען וויכטיגען פּונקט גיט די קאַריערע פון די גראַקכי-ברידער אַ וואָרנונג די סאָציאַליסטען.

# רוים אין דער צייט פון די גראַקכי

דער רוים פון די גראַקכי — אַרום הונדערט יאָר פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג — איז געווען דער זעלבער, וואָס ער איז געווען פיר הונדערט יאָר פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג, אין דער פּעריאָדע, מיט וועלכער מיר האָבען פאַרענדיגט אונזער אָפּהאַנדלונג וועגען „די פּלעבעער-פירער און אַרבעטער-פירער". דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס די איבלען פון יענער צייט זיינען פאַרערגערט געוואָרען אין פאַרלויף פון דריי הונדערט יאָר. אַלע אורזאַכען, וואָס האָבען, דריי הונדערט יאָר פריער געבראַכט די צרות, האָבען אויך איצט געווירקט, און דערצו מיט דער קראַפט פון דעם אימפּעט פון נאָך דריי הונדערט יאָר. צו יענע אורזאַכען דאַרף צוגעגעבען ווערען בלויז איינע, כדי צו דערקלערען און פאַלשטענדיג מאַכען דאָס בילד.

דעם הערשענדען אַריסטאָקראַטישען קלאַס איז איינגעפאַלען צו ווערען באַלעבאַטים פון גרויסע סטאַדעס בהמות און שאָף אַנשטאַט פון פאַרמס. זיי האָבען אויסגעפירט זייער פּלאַן אויף פאָלגענדען אופן: תבואה האָט מען אריינגעפירט פריי פון סיציליע און פון די רוימישע באַזיצונגען אין אַזיע, צוליב דעם איז די תבואה פון איטאַליע געוואָרען ווערטלאָז. יעדענפאַלס האָט מען זי ניט געקאָנט פאַרקויפען. אַזוי ווי רוים האָט דעמאָלט שוין באַהערשט גאַנץ איטאַליע, האָט די פריי אריינגעפירטע תבואה רואינירט דעם גאַנצען האַלב-אינזעל, די פאַרמער האָבען באַנקראָטירט, זייערע פאַרמס זיינען עקספּראָפּריאירט געוואָרען און זיינען צוגעגעבען געוואָרען צו די מאַיאָנטקעס פון די הערשענדע רוימער און זיי האָבען דאָרט איינגעפירט פיה-צוכט, באַ וועלכער עס זיינען דורכאויס געווען באַשעפטיגט שקלאַפען.

די סאָציאַל-עקאָנאָמישע לאַגע פון יענער צייט איז בילדלאַך כאַראַקטעריזירט פון טיבעריוס גראַקכוס, וועמעס ווערטער איך האָב שוין ציטירט אין מיין ערשטער אָפּהאַנדלונג פון דער סעריע. צו באַווייזען די פאָלשטענדיגע פרוכטלאָזיגקייט פון די זיגען פון די „פּלעבעער-פירער" פאַר דעם פּלעבעאישען

מיטעל־קלאַס און פּראָלעטאַריאַט. איך וועל דאָ ברײנגען דעם זעלבען אויסצוג:

„די ווילדע חיות פון איטאליע האָבען זייערע היילען צום רוען, אָבער די בראַווע מענער, וואָס פאַרגיסען זייער בלוט פאַר איטאליע, האָבען גאָרניט, אַ חוץ לופט און ליכט. אָן הייזער, אָן אַ באַשטימטען וואוינאָרט, וואַנדערען זיי מיט זייערע פרויען און קינדער פון אָרט צו אָרט. און זייערע גענעראַלען שפּאָטען פון זיי, ווען זיי באַוועגען זיי צו קעמפען פאַר זייערע קברים און זייערע היימישע געטער; וואָרים צווישען די גרויסע מחנות איז אפשר ניט פאַראַן קיין איינציגער רוימער, וועלכער זאָל האָבען אַן אַלטאַר, וואָס האָט באַלאַנגט צו זיינע עלטערען, אָדער אַ קבר, אין וועלכן זייערע טויטע קערפּערס רוען. די פּשוט׳ע סאָלדאַטען קעמפען און שטאַרבען צו פאַרמערען דאָס רייכטום און דעם לוקסוס פון די מאַכט־האָבער; און מען רופט זיי וועלט־הערשער, בעת זיי פאַרמאָגען ניט קיין פוס באָדען.“

דאָס זיינען ווערטער, וואָס דערמאָנען אָן יעזוס׳עס רייד מיט 150 יאָר שפּעטער.

גיט נאָך צו צו דעם די פאָלגענדע פאַקטען: אַז אין איטאַליע, זאָגט מען, האָבען זיך געפונען פערצען מיליאָן שקלאַפען; אַז ווייניגער ווי צוויי טויזענט פאַמיליעס זיינען געווען באַזיצער פון רייכטום; עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַ באַנקראָטירטער רוימישער ריטער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרבעסערען זיין לאַגע דערמיט, וואָס ער האָט באַפרייט זיינע שקלאַפען, כדי זיי זאָלען אים אויסקלייבען פאַר אַ קעניג, און האָט אויפגעהויבען אַ שרעקלאַכען בונט, וועלכער איז, נאַטירלאַך, שנעל דערשטיקט געוואָרען. נעמט נאָך אין באַטראַכט די דאָזיגע פאַקטען און איר וועט באַקומען אַ פאָלשטענדיג בילד פון די סאָציאַלע צושטאַנדען אין רוים אין דער צייט פון די גראַקכי.

די פּאָליטישע לאַגע, ווידער, איז געבליבען אומגעענדערט, אַ חוץ אין איין וויכטיגען פונקט.

ווי די מייסטע פאַרצייטיגע אימפּעריעס, איז רוים געווען

אַ שטאַט-אימפּעריע. ווי אַטהען, ספּאַרטאַ, קאַרטאַגאַ, איז רוים געווען אַ שטאַט רעפּובליק און מען קאָן זאָגן, אַז די שטאַט איז רעגירט געוואָרען אויף דעמאָקראַטישע יסודות — אין דעם זין, וואָס אַלע, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט אויף אַ דעה אין דער רעגירונג, האָבען געהאַט אַ **דירעקטע** דעה: זיי פלעגען ערשיינען אין פאָרום, אויפ'ן מאַרק, בכלל אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ און שטימען. די טעריטאָריעלע אויסברייטונג פון רוים האָט געענדערט די לאַגע.

אַזוי לאַנג ווי רוים האָט איינגעשלונגען די שבטים, וואָס האָבען געלעבט אין שכנות מיט דער שטאָט, איז פאַר די רוימישע בירגער, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אויף דער ניי-עראָבערטער טעריטאָריע, געווען פאַרהעלטניסמעסיג גרינג צו קומען קיין רוים און דאָרטען שטימען, אָבער וואָס ווייטער פון רוים עס זיינען שפּעטער געווען די עראָבערטע לענדער, אַלץ שווערער איז פאַר די בירגער אין יענע לענדער געוואָרען די דירעקטע באַטייליגונג אין דער רעגירונג. ווען גאַנץ איטאַליע איז ענדלאַך געווען אין באַזיץ פון רוים, האָבען די רוימישע בירגער-קאָלאָניסטען **פּאַקטיש**, כאָטש ניט **יורידיש**, פאַרלוירען זייער שטימרעכט. עס איז פאַר זיי אוממעגלאַך געווען צו זיין אַנוועזענד אין רוימישען פאָרום.

אין דער דאָזיגער פּראָבלעם האָט זיך דער געדאַנק פון די פּאַרצייטיגע מענשען אָנגעשטויסען אָן אַן אייזערנער וואַנט. די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט די זעלבע פראַגע געלייזט דערמיט, וואָס מען האָט איינגעפירט אַ „רעגירונג דורך פאַרטרעטער". אין וואַשינגטאָן, למשל, נעמט מען אָן געזעצען פאַר'ן גאַנצען לאַנד, וואָס איז אומפאַרגלייכלאַך גרעסער פון דער רוימישער איטאַליע. די געזעצען קומען פון וואַשינגטאָן, אָבער ניט די מענשען פון וואַשינגטאָן מאַכען די געזעצען. זיי ווערען געמאַכט פון פאַרטרעטער פון גאַנצען לאַנד, וואָס ווערען אויסגעקליבען פון גאַנצען פאָלק, און אויף אַזאַ אופן איז דאָס גאַנצע פאָלק פאַקטיש דער געזעצגעבער. אויב די אָנגענומענע געזעצען זיינען ניט גוט, איז עס דעם פאָלקס אייגענע שולד. אַ לאַנד

קאַן איצט באַשטיין פון אַזוי פיל אַקטיווע בירגער, אַז עס איז פאַר זיי אוממעגלאַך זיך צונויפצוקומען און אָננעמען געזעצן, אָבער ווי צעזייט און צעשפּרייט זיי זאָלן נישט זיין, קאָנען זיי שטימען און קאָנטראָלירן די נאַציאָנאַלע געזעצגעבונג. רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג מאַכט דאָס מעגלאַך.

פּאַרצייטענס האָט מען וועגן דעם קיין באַגריף ניט גע־האַט. אַזוי ווי די רוימישע בירגער, אויסער רוים, אין איטאַליע האָבן געהאַט נאָר אַ פּאָטענציעלע שטים — פּאָטענציעל אויף אַזויפיל, אַז זייער שטימרעכט איז געוואָרען אַקטועל נאָר אין זייער אַנוועזנהייט אין רוים — זיינען אַלע איטאַליענער וואָס מען האָט ניט געמאַכט פאַר שקלאַפן, געווען ניט מער ווי פּאָ־ליטישע פּאַריען. מען האָט זיי רעגירט פון רוים. דאָס האָט געבראַכט טרויעריגע רעזולטאַטען. עקאָנאָמיש איז די איטאַ־ליענישע באַפעלקערונג — די באַפעלקערונג פון רוים איינגע־שלאָסען — אַלץ געווען צוטיילט אין לענדלאָרדען־פּלוטאָקראַטען און אין פּראָלעטאַריער — מיט׳ן צוגאָב פון אַ מיטעל־קלאַס, וואָס האָט וווייטער געשפּילט אַלץ אַ קלענערע ראָלע. אָבער די דאָזיגע צוויי קלאַסען זיינען זיך אויפס־ניי צעפּאַלען אין צוויי פיינדלאַכע לאַגערען, אויף דער ליניע פון רוימישען שטימרעכט: אויף איין זייט זיינען געווען די בירגער פון דער שטאָט רוים — רייך און אָרים צוזאַמען; אויף דער צווייטער זייט, די אי־טאַליענער אויסער רוים — אויך רייך און אָרים צוזאַמען. לויט אַ געוואוינהייט פון פינף הונדערט יאָר האָט דער אָפּגעריסע־נער און אָפּגעשליסענער רוימישער פּראָלעטאַריער זיך באַ־טראַכט פאַרן באַזיצער פון רעגירונג־מאַכט, וואָס ער האָט געהאַלטען אינאיינעם מיט׳ן רוימישען לענדלאָרד־פּלוטאָקראַט און וואָס האָט זיי ביידע געגעבען די פּאָליטישע אויבערמאַכט איבער דער גרויסער צאָל פרייע פעלקער אין איטאַליע אויסער רוים.

אין דער לעקציע וועגן „פלעבעער־פירער און ארבעטער־פירער" האָבען מיר געזען די שעדלאַכע רעזולטאַטען פון דער איינזייטיגקייט, וואָס האָט געגעבען די מעגלאַכקייט דעם בור־

זשוואזען פלעבעער אונטער'ן מאַנטעל פונ'ם אַלגעמיינען נאָמען „פלעבעער", צו באַשווינדלען זיינע „ברידער-פלעבעער", דעם פראָלעטאַריאַט און מיטעל-קלאַס, פונקט ווי אין אונזער צייט באַשווינדעלט דער ארבעטער-פירער זיינע „ברידער-אַרבעטער" אונטער'ן מאַנטעל פונ'ם אַלגעמיינעם נאָמען „אַרבעטער". און יעדעס מאָל ווען די פראַגע וועגען שטימרעכט פאַר די איטאַליענער פלעגט אויפגעהויבען ווערען, פלעגט דער אונטערדריקטער פראָלעטאַריאַט אין רוים זיך פאַראייניגען מיט זיינע אונטערדריקער און האָט ניט געוואָלט טיילען מיט די איטאַליענער „די רעגירונג-מאַכט".

איך האָב, האָף איך, גענוג קלאָר געמאַכט דעם פונקט, צו ציען דעם שלוס, אַז די לאַגע אין דער צייט פון די גראַקכיברידער, הונדערט יאָר פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג, איז געווען אַזאַ, אַז רעפאָרמען זיינען שוין געווען נוצלאָז. קיין לאַטעס האָבען שוין ניט געקאָנט העלפען. עס איז שוין מער ניט געווען קיין צייט אָנצונעמען „געזעצען" און וואַרטען, זיי זאָלען לאַנגזאַם היילען די מכות, מיט וועלכע רוים און אינאיינעם מיט איר גאַנץ איטאַליע איז געווען געשלאָגען. די טעג פון קאָנסטיטוציאָנעלע מעטאָדען זיינען שוין פאָראיבער. ווען אַ נאַציע דערגרייכט אַזאַ שטופע, עקזיסטירען מער ניט קיין „אינסטיטוציעס". די אינסטיטוציעס זיינען בלויז שאָטענס. קיין זאַך עקזיסטירט ניט אַ חוץ **אוזורפּאַציע**. אין אַזאַ פאַל איז פאַראַן פלאַץ נאָר פאַר א רעוואָלוציע.

אָט דאָס זיינען געווען די צושטאַנדען, מיט וועלכע די ברידער גראַקכי זיינען געשטאַנען פנים אל פנים און וואָס זיי האָבען זיך אָנגענומען צו פאַרבעסערען. האָבען זיי פאַרשטאַנען זייער אויפגאַבע? האָבען זיי באַנומען די אייגענשאַפטען, די טאַקטישע קראַפט און די טאַקטישע שוואַכקייט פון דעם מאַטעריאַל, מיט וועלכען מען האָט באַדאַרפט ערפילען די אויפגאַבע? ווען איך שטעל די דאָזיגע פראַגען, צעטייל איך אין צווייען אַ פראַגע, וואָס קאָן קוים צעטיילט ווערען, דיביידע פראַגען זיינען ווי צוויי זייטען פון אַ מעדאַל, זיי זיינען די צוויי

זייטען פון איין און דערזעלבער זאַך: דער ציל וואָס מען שטעלט זיך, און דער עלעמענט, וואָס איז נויטיג צו דערגרייכען דעם ציל. האָבען די גראַקכי דאָס פאַרשטאַנען? איך וועל אייך ווייזען, אַז ניין. און די טעות'ן וואָס זיי האָבען געמאַכט, און די טרויעריגע רעזולטאַטען פון זייערע טעות'ן זאָלען זיין אַ וואָרנונג פאַר אונז היינט, אין דעם רוים פון היינט.

## די טאַקטיק פון די גראַקכי

די גראַקכי זיינען געווען צוויי ברידער, זיי האָבען גע־שטאַמט פון אַ פראָמינענטער פאַמיליע. טיבעריוס איז געווען דער עלטערער, גאיוס — דער אינגערער. זיי האָבען ניט אָנ־געפירט זייער טעטיגקייט אינאיינעם; איינער האָט נאָכגעפאָלגט דעם צווייטען. טיבעריוס האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט אין יאָר 133 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג. זיין אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, ווען די סענאַטאָרען האָבען אים ערמאָרדערט. גאיוס האָט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איבערגענומען זיין ברודערס אַרבעט און איז מיט איר פאַר אַ שטיק צייט אָנגעגאַנגען אין קאַמף מיט'ן סענאַט, ביז אַ פאַרלאָזענער פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, איז ער אַנטלאָפען פון רוים און איז באַגאַנ־גען זעלבסטמאָרד אין דעם דערבייאיגען „וועלדעל פון די פוריען". דערמיט האָט זיך די געשיכטע געענדיגט אין יאָר 121 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג. דאָס איז, אין קורצען גערעדט, דער גראַקכישער עפּיזאָד. דעם אָנהויב אָבער דאַרף מען זוכען אַ פּאָר יאָר פריער אין געוויסע רעפאָרם־באַוועגונגען, וואָס זיינען געווען די פאָרלויפער פון דעם איי־גענטלאַכען גראַקכי־עפּיזאָד. די פּעריאָדע ציט זיך אומגעפער דורך אַ דור און דערגרייכט דעם קלימאַקס אין די גראַקכי־ברידער.

און וואָס איז שייך די פאַרשידענע שריט, וואָס מען האָט גענומען צו ערפילען די ריזיגע אויפגאַבע, וועל איך ניט געבען קיין דעטאַלירטען באַריכט וועגען די צאָלרייכע געזעצען פון יענער פּעריאָדע. עס איז ניט נויטיג, פּונקט ווי אין מיין פרי־

ריגער לעקציע איז ניט נויטיג געווען א גענויע אפּהאַנדלונג וועגען דער רוימישער קאָנסטיטוציע. עס וואָלט געווען אָן איבעריגער באַלאַסט. פאַר אונזער צוועק וועט זיין גענוג איבערצוגעבען אין אָרדנונג די וויכטיגסטע אַקטען.

## דער ערשטער אַקט

דער ערשטער אַקט פון דער פעריאָדע איז געווען א רעפאָרם פון שטימרעכט. איר וועט זיך דערמאָנען, אַז אין רוים האָט דאָס שטימרעכט באַלאַנגט צו די צענטוריען; אַז די צענטוריען זיינען געווען מיליטערישע אָפּטיילונגען פון פאָלק, איינגעטיילט אין ראַנגען לויט דעם אייגענטום; אַז די העכסטע צענטוריען, די ריטער איינגעשלאָסען, האָבען פאַרמאָגט די קלענסטע צאָל מיטגלידער און די גרעסטע צאָל שטימען; אַז די ריטער און די ערשטע צענטוריע האָבען צוזאַמען געהאַט 97 שטימען, אן אַבסאָלוטע מאַיאָריטעט פון אַלע 193 שטימען, און אַז מען האָט געשטימט נאָך די ראַנגען פון די צענטוריען, אַזוי אַז ווען — ווי עס האָט אָפט פּאַסירט — די ערשטע צוויי האָבען איינגעשטימט, האָבען שוין די אַנדערע פאַרשפּאָרט צו זאָגען זייער מיינונג.

עס איז געווען א צרה'דיגע איינאָרדנונג. די מאַיאָריטעט בירגער זיינען געווען אין אן אומגינסטיגער לאַגע: רייכטום האָט געהאַט די אויבערהאַנט. די גראַקכישע באַוועגונג האָט צום אַלעם ערשטען אָנגעגריפען די דאָזיגע אומגערעכטע סיסטעם. אָבער ווי אַזוי? האָט זי אומגעקערט די אויבערמאַכט צו די, צו וועמען זי האָט באַלאַנגט? ניין. זי האָט נאָר געלאָזט די פאָרם און האָט נאָר פאַרקלענערט די צרה. זי האָט פאַרקלענערט די צאָל שטימען פון דער ערשטער צענטוריע פון 80 אויף 70, אַזוי אַז איצט איז נויטיג געווען די איינשטימיגקייט פון די ערשטע דריי צענטוריען אָנצונעמען א באַשלוס, אַנשטאַט דעם וואָס פריער זיינען גענוג געווען די שטימען פון בלויז די ערשטע צוויי. אַנשטאַט וואָס פריער האָבען צוויי צענטוריען געהאַט די מאַכט אריבערצושטימען פינף, האָבען

איצט דריי — נאָך אַלץ אַ מינאָריטעט — געהאַט די מאַכט איבערצושטימען פיר. און נאָך אַ שטיקעל איבערראַשונג איז געמאַכט געוואָרען דערמיט וואָס מען האָט באַשטימט אַ גע־מישטע אָפּשטימונג פון די צענטוריען, ניט ווי פריער, נאָך די ראַנגען — פונקט ווי די טרומפען וואָלטען געוואָרען קנאַפּערע טרומפען, ווען מען זאָל מיט זיי שפּילען אין אַן אַנדער אָרדנונג. און נאָך אַ דריטע נייעס איז איינגעפירט געוואָרען, זי איז גע־קומען פאַר די פריער־דערמאָנטע. דאָס איז געווען די געהיימע אָפּשטימונג — פאַרבינדענדיג דערביי אַ גרויסען רעוואָלוציאָ־נערען צוועק מיט געהיימע מעטאָדען.

## דער צווייטער אַקט

דאָס ליצינישע געזעץ, וואָס איז געננוי באַשריבען געוואָרען אין דער אָפּהאַנדלונג וועגען „פּלעבעער־פירער און אַרבעטער־פירער“ איז געווען אַ טויטער בוכשטאַב. צווישען אַנדערם האָט דאָס ליצינישע געזעץ באַשטימט די שטרעקע לאַנד, וואָס איינער האָט געקאָנט באַקומען פון קהל'שען באָדען אַלס צוגאַב צו זיין פאַרמעגען. ניט קוקענדיג אויפן געזעץ, האָבען די פּלו־טאָקראַטען ווייטער און אפשר נאָך חוצפּה'דיגער אַפּראָפּרי־אירט פאַר זיך דאָס פאַרמעגען, אויף וועלכען זיי האָבען קיין מאָל קיין רעכט ניט געהאַט — דאָס שטאַט־אייגענטום; און דערצו האָבען זיי איצט איבערטראַכטען אַ בפירוש'ען געזעץ. דאָס סעמפּראָניאַנישע געזעץ (דער נאָמען שטאַמט פון דעם צווייטען נאָמען פון די גראַקכי — סעמפּראַניוס) האָט אויסגע־גראָבען דאָס ליצינישע געזעץ און בעת דאָס ליצינישע געזעץ האָט איצט פאַרלוירען וועלכע ניט איז הייל־קראַפט, וואָס עס האָט געהאַט דריי הונדערט יאָר פריער, איז עס איצט נאָך דערצו פאַרגעשלאָגען געוואָרען ניט אין זיין פאַלשטענדיגקייט, נאָר אין אַ פאַרוואַסערטער פאָרם. אַ חוץ דעם שטח לאַנד, וואָס דאָס ליצינישע געזעץ האָט ערלויבט צו אַפּראָפּריאירען פונ'ם קהל'שען פאַרמעגען, האָט דאָס נייע געזעץ, אַלס צוגאָב, ערלויבט נאָך אַ העלפט דערפון פאַר יעדען זון פונ'ם לאַנד־

אייגענטימער; דאָס איבריגע האָט באַדאַרפט אויפס־ניי צעטיילט ווערען, און עס איז באַשטימט געוואָרען אַ באַלוינונג פאַר'ן אייגענטום וואָס וועט עקספּראָפּריאירט ווערען פונ'ם עקס־פּראָפּריאַטאָר. דאָס סעמפּראָניאַנישע געזעץ איז געווען אַ קאָמ־פּראָמיס מיט דער אוזורפּאַציע.

## דער דריטער אַקט

אָבער כאָטש טיבעריוס גראַקכוס האָט געשטרעבט איבער־צוכיטרעווען די רעוואָלוציע, האָט די קאָנטער־רעוואָלוציע אָנ־געהויבען אַ קאַמף געגען אים. זיין מיט־באַאַמטער האָט געהאַט די מאַכט אים צו שטערען און ער האָט געשטערט; אָס ווייניג־סטען האָט ער געמאַכט אַ פּאַרזוך צו שטערען. זיין אונטער־שטיצונג איז, לויט דער קאָנסטיטוציע, נויטיג געווען אויף אָנ־צונעמען אַ געזעץ. אונטער'ן איינפלוס פון זיינע פּאַטריצישע קאָלעגען, האָט טיבעריוס'עס מיט־באַאַמטער זיך אָפּגעזאָגט צו סאַנקציאָנירען געזעצען און כאָטש ער האָט צייטענווייז זיך געוואַקעלט אונטער'ן דרוק פון טיבעריוס'עס בקשות, איז ער דאָך שליסלאַך בייגעשטאַנען אי די בקשות, אי אפילו דראָהונגען. פאַר איין מאָמענט, שיינט עס, האָט טיבעריוס באַגריפען די נויטיגע רעוואָלוציאָנערע באַדינגונגען פאַר דער דערגרייכונג פון זיין ציל: ער האָט געשיקט צום טייוועל די געזעצלאַכקייט. „אומקאָנסטיטוציאָנעל" האָט ער באַפוילען דעם פּראָלעטאַריאַט אַראָפּצוזעצען זיין מיט־באַאַמטען און שפּאַנענדיג איבער דער צעפּליקטער קאָנסטיטוציע, האָט ער דורכגעשטופּט זיין געזעץ.

אָבער דער שימער פון די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען פון זיין אויפגאַבע, וואָס טיבעריוס האָט דערבליקט פאַר איין מאָמענט, איז פאַרשוואונדען באַלד נאָכדעם ווי ער האָט אים דערבליקט. אָנשטאָט פאַנאַנדערצובלאָזען אין אַ פלאַם דעם פונק, וואָס זיין האַנדלונג האָט אָנגעצונדען אין דער ברוסט פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַסע הינטער אים, האָט ער זיך גאָר אָנגעהויבען פאַרענטפערען, האָט געזוכט אַ לעגאַלע באַרעכטי־

גונג פאַר זיין האַנדלונג און האָט, אויף אַזאַ אופן, אָפּגעקילט און אויסגעלאָשען דעם פונק.

די סענאַטאָרען האָבען ניט פאַרנאַכלעסיגט די געלעגענהייט אויסצונוצען פאַר זיך די רעאַקציע. טיבעריוס איז געפאַלען אונטער זייערע הענט. ער איז דערשלאָגען געוואָרען צום טויט פאַר די אויגען פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז געשטאַנען און צוגעקוקט, אָדער איז זיך אין שרעק צעלאָפען.

## דער פערטער אַקט

פיר יאָר שפּעטער האָט גאַיוס אויפס־ניי אָנגעהויבען די אַרבעט, וואָס זיין ברודער איז געווען געצוואונגען אויפצוגעבען.

גאַיוס האָט געזען זיין ברודערס בלוט אויף די הענט פון די סענאַטאָרען און האָט אין דעם סענאַט געזען דעם באַריער, אָן וועלכען טיבעריוס איז צעשמעטערט געוואָרען. ער האָט דעריבער באַשלאָסען צום אַלעם ערשטען זיך צו באַשיצען געגען די סכנות, וואָס האָבען אויף אים געלויערט פון יענעם ווינקעל. אָבער ווי אַזוי? אָפּשאַפענדיג דעם סענאַט? ניין. כדי זיך צו באַשיצען געגען סענאַט, האָט ער באַשלאָסען אויפצושטעלען אַ קאָנקורענט צום סענאַט. האָט ער אַמוויינציגסטען די מאַכט, וואָס האָט געזאָלט צוימען דעם סענאַט, אויפגעבויט פון די רעוואָלוציאָנערע כחות, וואָס זיינען געשטאַנען הינטער אים? נאָכאַמאָל ניין.

די ריטער האָבען באַלאַנגט צום זעלבען עקאָנאָמישען קלאַס, וואָס איז אויפגערייצט געוואָרען פון טיבעריוס׳עס אויפטוען, און כאָטש זיי האָבען זיך ניט דירעקט באַטייליגט אין דעם מאָרד, האָבען זיי אָבער סימפּאַטיזירט מיט׳ן אַטענטאַט אויף טיבעריוס׳ען, האָבען זיך געפרייט מיט זיין טויט און האָבען פּראָפּיטירט דערפון. זיי זיינען געווען פונקט אַזוי שולדיג ווי דער סענאַט. און די ריטער זיינען עס געווען יענע, צו וועלכע גאַיוס האָט זיך געווענדט אין זיין קאַמף מיט׳ן סענאַט. ער האָט אָפּגעשניטען אַ העלפט פון דעם סענאַט׳ס מאַכט און האָט זי איבערגעגעבען די ריטער. ווען מען האָט אים געוואָרענט

געגען דעם פּלאַן, איז זיין ענטפער געווען: „איך שאַף אַ שונא פון סענאַט, דער סענאַט און די ריטער ווילען זיך איינער דעם צווייטען אויס׳הרג׳ענען“. מיר ווילען באַלד זען, צי זיי האָבען זיך טאַקע אויסגע׳הרג׳עט.

## דער פינפטער אַקט

פּאַר אַ שטיקעל צייט האָט עס געשיינט, אַז גראַקכוסעס טאַקטיק איז ערפאָלגרייך. דער סענאַט און די ריטער האָבען זיך געריסען צווישען זיך. אין דערזעלבער צייט, כּדי צו באַ־פעסטיגען זיין פּאָזיציע ניט נאָר נעגאַטיוו, נאָר אויך פּאָזיטיוו, האָט גאַיוס מיט ערפאָלג דורכגעפירט צוויי געזעצען, וואָס זיי־נען געווען דער קולמינאַציאָנס־פּונקט פון די גראַקכישע טעות׳ן. אין ליכט פון געוויסע מאָדערנע פּאַסירונגען זעט עס אויס, ווי די דאָזיגע געזעצען וואָלטען אָנגענומען געוואָרען מיט׳ן אויס־דריקלאַכען צוועק, אַז די טאַקטיק פון די גראַקכי־ברידער זאָל זיין אַ שטורעם־גלאָק צו וואָרנען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג געגען די אונטערוואַסערדיגע פעלזען אויף זייער וועג.

דאָס ערשטע געזעץ האָט באַשטימט צו בויען דריי קאָלאָ־ניעס. די דאָזיגע קאָלאָניעס האָבען געזאָלט מיט שטאַט־פּאָנ־דען אויפגעבויט ווערען אויסער איטאַליע, צו פאַרגרינגערען די לאַגע פון די רוימישע פּראָלעטאַרישע מאַסען. די פּאַטריציער האָבען באַלד געענטפערט מיט אַ קלאַפּ אויף אַ קלאַפּ. זיי האָבען אריבערגעבאָטען גאַיוס׳ען אין קאַמף פאַר פּאָפּולאריטעט באַם פּראָלעטאַריאַט און האָבען פאָרגעשלאָגען ניט דריי, נאָר גאַנצע צוועלף קאָלאָניעס.

## דער זעקסטער אַקט

דאָס צווייטע געזעץ איז געווען אַ באַשטימונג פריי פּאַנאַנ־דערצוטיילען קאָרן צו די אָרימע. די פּראָלעטאַרישע מאַסען, דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס, האָט מען ערוואַרטעט, זאָל ספּעציעל צוליב דעם שטאַרק צוגעבונדען ווערען צו זייערע

פירער — פונקט ווי חויז־חיות אָדער קינדער ווערען צוגעבונדען צו דעם, וואָס שפּייזט זיי.

און ווען ער האָט דערגרייכט די שטופע, האָט גאיום גראַק־כוס גערעכענט, אַז ער איז בכח אויפצונעמען אַ פראַגע, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, געווען אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיגקייט פאַר דער פאַרבעסערונג פון די צושטאַנדען אין איטאַליע און דערצו די דעליקאַטסטע, צוליב די עקזיסטירענדע פאָראורטיילען. דאָס איז געווען די פראַגע וועגען שטימרעכט אין איטאַליע. אָבער ווי נאָר ער האָט באַרירט דעם ענין, האָט ער, ווי דורך אַ כשוף, פאַראייניגט געגען זיך די רוימישע בירגער. פון איין זייט האָבען די ריטער און סענאַטאָרען געמאַכט אַ סוף צו זייערע מחלוקות און פון דער צווייטער זייט איז פאַרשוואונדען געוואָרען יעדע עראינערונג וועגען דער „פאַרבעסערטער פאָרם פון שטימרעכט" אין רוים; אַלע עראינערונגען וועגען דעם סעמפּ־ראָניאַנישען געזעץ; אַלע האָפנונגען אויף די געפּלאַנטע דריי קאָלאָניעס און אפילו די דאַנקבאַרקייט פאַר׳ן פרייען קאָרן.

דער פּראָלעטאַריאַט איז אזוי שטאַרק אָפּגעשטויסען גע־וואָרען פון זיין געטשקע, אַז די ריטער און סענאַטאָרען האָבען אָן שוועריגקייטען אויפגעהעצט אַ פאַרשווערונג געגען גראַק־כוס. פאַרלאָזען פון אַלעמען, אַ חוץ עטלאַכע נאָענטע פריינט און איין געטרייען שקלאַף, האָט גאיוס אין אָנהויב געפונען אַ באַהעלטעניש אין דעם טעמפּעל פון דיאַנאַ, וואו ער האָט אויף די קני מתפּלל געווען צו די געטער, זיי זאָלען באַשטראָפען מיט אייביגער שקלאַפעריי די רוימער פאַר זייער מיאוס׳ער אומ־דאַנקבאַרקייט. באַאיינפלוסט פון זיינע פריינט, וואָס האָבען אים געבעטען זיך צו שאַנעווען פאַר בעסערע צייטען, האָט גאיוס פאַרלאָזען דעם טעמפּעל און איז אַנטלאָפען פון דער שטאָט אויף יענער זייט טייך. אָבער זיינע פאַרפאָלגער האָבען געהאַלטען באַם אָניאָגען אים, און זעלבסטמאָרד האָט אים באַ־פרייט פון ווייטערע ליידען.

## די כללים פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע

פון דעם שיף־ברוך פון דער גראַקכישער באַוועגונג און טאַקטיק קומען צושווימען צו אונזערע צייטען צען פלאַנקען. מען קאָן זיי אָנרופען די וואָרנונגען געגעבען פון די גראַקכי־גייסטער. מען קאָן פון זיי צונויפשטעלען צען כללים פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די דאָזיגע כללים שליסען זיך איין איינער אין צווייטען, צייטענווייז איז שווער זיי צו האַלטען אָפּגעזונדערט, אַזוי אײנג זיינען זיי פאַרבונדען איינער מיט'ן צווייטען, ווייל זיי זיינען אין עצם דיפערענציאַציעס פון אַ צענ־טראַלער אידעע, וואָס ווערט געשאַפען פון דעם שוין אָנגעדיי־טעטען אייגענאַרטיגען כאַראַקטער פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס רעוואָלוציאָנערער כח:

## 1. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פאַרטראָגט נישט קיין פאָרמען

עס איז געווען אַ טעות פון דער גראַקכישער באַוועגונג אָוועקצוגעבען צייט און ענערגיע אויף צו בייטען די פאָרם פון שטימרעכט. די כאַראַקטעריסטישע שוואַכקייט פונ'ם פּראָלע־טאַריאַט ברייננגט דערצו, אַז ער לאָזט זיך פאַרפירען און פאַר־נאַרען. אויפ'ן גורל פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס געפינט זיך אין אַ וויינינגער גינסטיגער לאַגע, ווי וועלכער ניט איז אַנדער היסטאָרישער רעוואָלוציאָנערער קלאַס, איז אויסגעפאַלען די אויפגאַבע צו מאַכען אַ רעוואָלוציע, וואָס איר צענטראַלער פּונקט איז אַ העכסט קאָמפּליצירטער סינטעז. און דערצו אַזאַ, וואָס קאָן אָם גרינגסטען פאַרטונקעלט ווערען פון זיין שונא, דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. עס איז נויטיג אָם שטאַרקסטען אונטערצושטרייכען דעם עצם פון דער רעוואָלוציע — דאָס אָפּ־שאַפען די לוין־שקלאַפעריי. און עס איז נויטיג ווי אָם קלאָר־סטען צו באַווייזען, אַז אַ חוץ דער אָפּשאַפונג פון דער לוין־שקלאַפעריי, זיינען אַלע „פאַרבעסערונגען" אָדער אַ געווינס

פאַר דעם קאַפּיטאַליזם, אָדער זיי זיינען גאָרניט ווערט, אָדער זיי פירען אראָפּ פון וועג.

עס מאַכט ניט אויס, ווי דאָס באַלאָטירען גייט צו; עס איז ניט וויכטיג צי מיר האָבען דעם אויסטראַלישען באַלאָט אָדער דעם מאַלטישען; עס איז ניט קיין אונטערשייד צי מיר האָבען אַ געהיימע אָפּשטימונג אָדער מען שטימט מינדלאַך — און, אויב איר ווילט, איז אפילו ניט וויכטיג, צי מיר האָבען דעם באַלאָט אין גאַנצען. אַלע אַזעלכע „פאַרבעסערונגען" — ווי די מאָדער־נע „באַלאָט־רעפאָרמען" און די פלענער וועגען „רעפערענדומס", „פאָלקס־איניציאַטיווע", „דאָס אויסקלייבען פעדעראַלע סענאַ־טאָרען דורך אַ פאָלקס־אָפּשטימונג" און אַנדערע פון דעם מין — זיינען אין תוך גענומען פאַרפירערישע מיטלען, אַז די רע־וואָלוציאָנערע היץ זאָל זיך אויסוועפּען, און נאָך ערגער: זיי געבען די מעגלאכקייט דעם אוזורפּאַטאָר צו דערגרייכען זיינע אוזורפּאַטאָרישע צוועקען אונטער דער מאַסקע פון זיינע קרבנות, און אפילו מיט דער הילף און מיט'ן בייפאַל פון זיינע קרבנות, וועלכע ריידען זיך איין, אַז זיי באַפעלען און ער פאָלגט זייערע באַפעלען — ווי עס פּאַסירט פאַר אונזערע אויגען אין היינטיגע צייטען.

כדי דער פּראָלעטאַריער זאָל קאָנען ארויסקריכען פון דעם פאַרווירענדען וואַלד פון „קאַפּיטאַליסטישע אישום", מוז ער האַלטען זיינע אויגען אָנגעשטריינגט אויף די עקאָנאָמישע אינ־טערעסען פון זיין קלאַס — קהל'ש אייגענטום פון דעם באָדען, אויף וועלכען מען אַרבעט, און אויף דעם געצייג, מיט וועלכען מען אַרבעט. אָן דעם וועט זיין היינטיגע שווערע לאַסט ווע־רען אַלץ שווערער און זי וועט נאָך אַ שווערערע איבערגיין בירושה צו זיינע קינדער. קיין „פאָרמען" וועלען קיין נוצען ניט ברייגגען.

## 2. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז פּאַרי־ עקשנ׳ט לאָגיש

מען האָט אָפט באַשולדיגט די „סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי” אַז זי איז „אומטאָלעראַנט” און אַז אירע באַאַמטע זיי־ נען „עקשנים”. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קאָן ניט זיין „טאָלעראַנט”, ווייל „טאָלעראַנץ” אין סאָציאַלער דינאַמיק מיינט „ניט־אויסגעהאַלטענקייט”. טיבעריוס גראַקכוס האָט פאַרזען דעם דאָזיגען פּרינציפּ און זיינע שלום־פּאָלגען, ווען ער האָט איבערגעניציוועט דאָס ליצינישע געזעץ. אויב דאָס סעמפּראָ־ ניאַנישע געזעץ האָט געהאַט וועלכען עס איז מיין; אויב די האַלטונג פון טיבעריוס און די האַלטונג פון די פּראָלעטאַרישע מאַסען, וועלכע האָבען אים באַטראַכט פאַר זייער באַשיצער, האָט עפּעס געמיינט, האָט עס געמיינט נאָר איין זאַך: אַז דער רוימישער לענדלאָרד־פּלוטאָקראַט איז געווען אַ פאַרברעכער־ קלאַס — פאַרברעכער דערהמיט, וואָס ער האָט אַוועקגערויבט דאָס פאַרמעגען פון פאָלק, און טאָפּעלטער פאַרברעכער דערמיט, וואָס ער האָט מיט דער הילף פון דעם רויב דעגראַדירט דאָס פאָלק און האָט אויף אַזאַ אופן אונטערגעגראָבען די זיכערקייט פונ׳ם שטאַט. דער איינציגער לאָגישער שלום אין אַזאַ פאַל איז די פאָדערונג, אַז דער סאָציאַלער פאַרברעכער זאָל זיך אונ־ טערגעבען אָן באַדינגונגען. דאָס סעמפּראָניאַנישע געזעץ האָט גענומען אַ פּונקט פאַרקערטע שטעלונג. די גראַקכישע באַוועג־ גונג האָט באַשטעטיגט, כאָטש אינדירעקט, דאָס אייגענטום־ רעכט אויף דער גנבה דערמיט, וואָס זי האָט באַשטימט אַ פאַר־ גיטיגונג פאַר די רויבער. דורך דעם איז זי געוואָרען אומלאָגיש; זי איז דורכדעם געוואָרען אומטריי צו זיך אליין, זי האָט זיך אונטערגעגעבען צו דער אוזורפּאַציע, זי האָט זיך דערמיט אָפּ־ געשוואַכט.

קיין געווינס, קיין באַרעכענטע האַנדלונג, קיין פאָדערונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע טאָרען ניט קומען אין צו־ זאַמענשטויס איינס מיט׳ן צווייטען, אָדער מיט די פּרינציפּען, פון וועלכע זיי וואַקסען אַרויס. קאַפּיטאַליזם איז אוזורפּאַציע:

די אוזורפאַציע מוז געשטירצט ווערן. אַרבעט פּראָדוצירט דאָס גאַנצע רייכטום: באַלאַנגט דאָס גאַנצע רייכטום צום אַר־בעטער. יעדע האַנדלונג, וואָס שמעקט מיט „ווייכקייט" און „טאָלעראַנץ" — אָדער, איך וואָלט בעסער געזאָגט: יעדע האַנדלונג וואָס איז מקריב די לאָגיק צוליב „ווייכקייט" און „טאָלעראַנץ" — שוואַכט אָפּ די רעוואָלוציע. אין דער פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע מוז יעדע פאָדערונג זיין אין איינקלאַנג מיט אירע ענד־צילען; אויב ניט, הינקט זי, ווערט געשטרויכעלט און פאַלט.

## 3. פּאַליאַטיווען פאַרדעקען און פאַרענטפערען דאָס אומרעכט

אויבען־אויף קלינגען שיין די פראַזען וועגען דער „חכמה ניט צו פאַרנאַכלעסיגען קליינע זאַכען" און די עצות „צו נעמען אַ האַלבען לאַבען ברויט, ווען מען קאָן ניט קריגען קיין גאַנצען". די גראַקכישע באַוועגונג איז געווען אַ קרבן פון דער דאָזיגער אילוזיע. דאָס אַלטע ליצינישע געזעץ און נאָך מער זיין איבער־געניצעוועטע פאָרם, אין דער געשטאַלט פון דעם סעמפּראָניאַ־נישען געזעץ, זיינען אויסגעגאָסען געוואָרען אין דעם דאָזיגען פורעם. עס האָט געהייסען: „דאָס פאָלק קאָן ניט באַקומען אַלץ צו וואָס עס איז באַרעכטיגט", דעריבער האָט מען דעם פאָלק באַדאַרפט געבען דעם „ערשטען טייל", אַ שטיקעל דערפון וואָס איז אים געקומען. בקצור: אַ פּאַליאַטיוו. דערמיט האָט די גראַקכישע באַוועגונג זיך אַליין געמאַכט אַ טויטלאַכע וואונד.

וואָלט דער פּאַליאַטיוו געקאָנט פאַרמיידען די קאָנסעק־ווענצען; וואָלט זיך מיט אים די געשיכטע אָנגעהויבען און גע־ענדיגט, וואָלט מען נאָך געקאָנט באַטראַכטען פאַר אומוויכטיג די צרה דערפון. אָבער די אום׳ברחמנות׳דיגע לאָגיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע טרייבט דעם שאַפער פון דעם פּאַליאַטיוו אַליין צו טרינקען דעם אינהאַלט פון זיין פאַרגיפטע־טען בעכער.

צום אַלעם ערשטען: די האַנט, וואָס דערלאַנגט דעם

„פּאַליאַטיוו“ צו די וואָס ליידען פון די איבלען, פאַרגלעט אויך דעם איבעל. די צוויי האַנדלונגען זיינען אומצעשיידבאַר. די צווייטע האַנדלונג איז אַן אומפאַרמיידלאַכער רעזולטאַט פון דער ערשטער. ווען איר פאָדערט אַ ביסעל, בעת איר האָט דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען אַלץ, מיינט אייער פאָדערונג, ווי איר זאָלט זי ניט איינהילען אין שיינע פראַזען און אין אַבסטראַקטע ווי־סענשאַפטלאַכע טערמינען, אַז איר שרייבט זיך אונטער אונ־טער'ן פּרינציפּ, וואָס שעדיגט אייך. נאָך ערגער: דער פּאַליאַ־טיוו קאָן יאָ אָדער ניט — מייסטענס יאָ — זיין פאַנטאַסטיש אַלס מיטעל צו באַזייטיגען די צרות; אַלס מיטעל אָבער צו באַ־פעסטיגען דעם יסוד פון די צרות איז ער ממשות'דיג. דער פּאַ־ליאַטיוו שטאַרקט, פאָלגלאָך, תמיד דעם איבעל.

און פון דער צווייטער זייט איז דער אומגליק מיט יעדען פּאַליאַטיוו, וואָס ער גיט די רעוואָלוציאָנערע כחות אַ גרונד פאַלשע פאָרשטעלונג וועגען זייער שונא. דער טיגער וועט פאַרטיידיגען די שפּיצען פון זיינע וואָנצעס מיט דער זעלבער קראַפט ווי ער פאַרטיידיגט זיין האַרץ. עס איז אַן אינסטינק־טיווער פּראָצעס. דער גרעבסטער טעות פון פּאַליאַטיוון קומט פון דער טעאָריע, אַז דער טיגער וועט ניט פאַרטיידיגען דעם אומוויכ־טיגסטען טייל פון זיין קערפּער פונקט ווי דעם וויכטיגסטען, און די פּאַליאַטיוון אַנטוויקלען אומבאַמערקט די דאָזיגע טע־אָריע. דער גרעבסטער טעות פון פּאַליאַטיוון שטאַמט פון דער טעאָריע אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט זיך לאָזען „בּיסלאַכווייז טויטען“. דאָס איז אַ פאַטאַלער טעות. דער קערפּער פון טיבעריוס גראַקכוס, וואָס איז פאַרצוקט געוואָרען פון דעם לענדלאָרד־פּלוטאָקראַטישען רוימישען טיגער, איז אַ וואָרנונג ניט אריינ־צופאַלען אין דעם טעות. דער קאַפּיטאַליסטישער טיגער וועט פונקט מיט דער זעלבער גרויזאַמקייט באַשיצען זיינע לוקסו־סען, ווי זיין סאַמע עקזיסטענץ. מען קאָן קיין זאַך ניט גע־ווינען מיט פּאַליאַטיוון און מען קאָן דורך זיי אַלץ פאַרלירען.

## 4. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע ברענגט מיט זיך אירע אייגענע געזעצן

ווען טיבעריוס גראַקכוס האָט אין דעם קריטישען מאָמענט פון דער רעוואָלוציע, אין וועלכער ער איז געווען טעטיג, „גע־נומען אַ קירצערען וועג" און האָט באַזייטיגט זיין מיט־באַאַמ־טען, זיך ניט רעכענענדיג מיט דער „געזעצלאַכקייט", האָט ער באַוואוסט צי אומבאַוואוסט געהאַנדעלט אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַז זי מוז מאַרשירען באַ איר אייגענעם שיין, אַז זי מוז זיך פאַרלאָזען נאָר אויף זיך אליין און אַז יעדע האַנדלונג אירע משפּט זי לויט איר אייגענעם קאָדעקס. כאָטש דער קאָדעקס איז נאָך ניט פאָר־מולירט אין אַ סטאַטוט, טראָגט זי אים אָבער אין איר מוטער־לייב. ווען טיבעריוס האָט שפּעטער אָנגעהויבען זוכען אַ באַ־רעכטיגונג אין די געזעצען פון דעם זעלבען קלאַס, וואָס ער האָט באַקעמפט, האָט ער זיך אָראָפּגעגליטשט פון דער רעוואָלוציאָ־נערער הויך און האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט זיין רעוואָלוציע. דער רעוואָלוציאָנער, וואָס וויל זיך הילען אין אַ מאַנטעל פון „געזעצלאַכקייט", איז אויסגעשפּילט. ער איז אַ אינגעל, וואָס שפּילט זיך אין סאָלדאַטען.

באַ דער קאָנווענשאָן פון דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר" אין דענווער, אין 1894, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ סצענע וואָס מאַכט קלאָר די שייכות פון דעם דאָזיגען פּונקט צו דער באַוועגונג פון אונזער צייט. די „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר" האָט באַ אַ פריערדיגער קאָנווענשאָן באַשטימט אַן אַלגעמיינע אָפּשטימונג וועגען אַ געוויסער „דעקלאַראַציע פון פּרינציפּען". צווישען די דאָזיגע פּרינציפּען איז געווען איינער, דער צענטער, פון וועלכען אַ געוויסער קלאַס מענשען, וואָס רו־פען זיך סאָציאַליסטען, האָבען אין דער שטיל נאַאיוו געקוואָלען. זיי האָבען באַהויפּטעט, אַז דער פּרינציפּ איז אַ „סאָציאַליסטי־שער". איינער פון זיי האָט אים העלדיש אריינגעשמוגעלט אין דער דערמאָנטער „דעקלעראַציע". דורך דער דאָזיגער מאַנעווו־רע האָבען זיי געזאָלט פאַנגען די אַלט־מאָדישע טרייד־יוניאָנס

און בינדען די הענט פון די „אַרבעטער־פירער". אַ גאַנץ יאָר לאַנג האָבען די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערען אַלץ פריילאַכער און אַלץ העכער געכיכיקעט. די מאַיאָריטעט אין די יוניאָנס איז ווירקלאַך געווען פאַר די אַלע „פרינציפּען", מיט דעם בארימטען „פּונקט 10" איינגעשלאָסען. אָבער בא דער קאָנווענשאָן אין דענווער האָבען די „לייבאָר לידערס" אין קאָנטראָל פון דער קאָנווענשאָן ארויסגעוואָרפען די אָפּשטימונג אויפ'ן גרונט, אַז דער „גרויסער עולם האָט ניט געוואוסט פאַר וואָס ער שטימט". אָבער ניט אויף דעם וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלען; דאָס איז נאָר דער הינטערגרונט, אָבער איידער איך קום צו מיין פּונקט, וויל איך באַמערקען, אַז דער גרויסער עולם האָט הכנעה'דיג אַראָפּ־געשלינגען די דאָזיגע האַנדלונג. אויף וואָס איך וויל אָנווייזען איז אַ קאָמישע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט בעת דער דעבאַטע וועגען ארויסוואַרפען די אָפּשטימונג. אָט דאָס איז געווען די סצענע:

דער רעוואָלוציאָנער וואָס האָט בגנבה אריינגעשטעלט „פּאַראַגראַף 10" אין דער „פּרינציפּען דעקלעראַציע" און האָט דערמיט געפּלאָנט צו פאַנגען די יוניאָנס פון אַ באַהעלטעניש, אַ מענש מיט אַ פאַרגאַנגענהייט פון דער ענגלישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פעדעראַציע, אַ געוויסער טאָמאָס דוש. מאָרגאַן, האָט בא יענער קאָנווענשאָן אין דענווער געשטורעמט געגען דער אַבזיכט פון די אַרבעטער־פירער אַרויסצוואַרפען „פּאַראַגראַף 10". פּלוצלונג איז זיין ווערטער־שטראָם אָפּגעשטעלט געוואָרען. אַ וואויל באַקאַנטער אַרבעטער־פירער, ווען די ציגאַרען־פאַב־ריקאַנטען פון אַמעריקאַ זיינען שולדיג אַ שיינעם דאַנק, מר. אַדאָלף שטראַסער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ציגאַרען־מאַכער יוניאָן, האָט זיך אויפגעהויבען און געפרעגט:

„וועט מיר דער הער ערלויבען אַ פראַגע?"

„געוויס".

„זייט איר פאַר קאָנפיסקאַציע?

מר. מאָרגאַן איז נאָך ביז איצט שולדיג דעם ענטפער אויף

דער פראַגע. ער איז צוזאַמענגעפאַלען ווי אַ געלעכערטער שפּיל־ציינ־באַלון.

די סצענע וואָלט באַדאַרפט אויסגעקריצט ווערן, כדי בילד־לאַך צו פאַראייביגען די אָפּשוואַכענדע ווירקונג, וואָס די אומ־וויסענהייט וועגן דעם קאָדעקס פון דער פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע האָט אויף אַ מענשען, וואָס וואַגט — דער עיקר, אַלס פירער — צו גיין אויפ׳ן וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, כאָטש עס פעלט אים דער גייסטיגער און פיזישער כח איינצו־זאַפּען אין זיך דעם כלל, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ.

ווי איך האָב געזאָגט, מאַרשירט די רעוואָלוציע בא איר איינענעם ליכט און אירע האַנדלונגען דאַרפען גע׳משפט ווערן נאָר לויט׳ן איינענעם קאָדעקס פון געזעצלאַכקייט, ניט לויט דעם עקזיסטירענדען געזעץ, וואָס איז נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון דער עקזיסטירענדער אוזורפּאַציע. אין דער הינזיכט האָט די פּראָלע־טאַרישע רעוואָלוציע איין געמיינזאַמען שטריך מיט אַלע פריע־ריגע רעוואָלוציעס, די קאַפּיטאַליסטישע רעוואָלוציע איינגע־שלאָסען. אַ נייע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג ברייננט מיט זיך אַ נייעם קאָדעקס פון מאָראַל. די מאָראַל פון דעם קאָדעקס, מיט וועלכען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע שווייננערט, לייענט זיך ווי א געאָמעטרישער באַוויין: נאָר ארבעט פּראָדוצירט רייכטום; דאָס פוסטעפּאַסטעווען קאָן פּראָדוצירען נאָר פאַראַזיטען; דאָס רייכטום פון לאַנד ליגט אין די הענט פון די פוסטעפּאַסניקעס, די אַרבעטער הענט זיינען ליידיג; דער דאָזיגער צושטאַנד קומט דערפון, וואָס דאָס לאַנד, אויף וועלכען מען פּראָדוצירט, און דאָס געצייג, מיט וועלכען מען אַרבעט, זיינען דאָס פּריוואַטע אייגענ־טום פון דעם קלאַס פוסטעפּאַסניקעס, פון דעם קאַפּיטאַליסטי־שען קלאַס; די אַרבעט איז געוואָרען אַ קאָלעקטיווע, דעריבער מוזען די זאַכען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער אַרבעט, אויך ווע־רען קאָלעקטיוו אייגענטום; עס מוז געשען, עס מאַכט ניט אויס ווער עס שטעלט זיך אין וועג דעם דאָזיגען מוז און עס מאַכט ניט אויס מיט וועלכען נאָמען מען רופט עס. פאָלגלאַך, קאָן קיין קעמפער אין דער מאָדערנער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע ניט געשלאָגען ווערן מיט׳ן געשריי: „קאָנפיסקאַציע“.

ווען פלוטאָרך, וועמען פּראָפעסאָר ליעבער פאַרדעכטיגט שאַרפזיניג אין פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר די רעוואָלוציאָנערע אָנרעגונגען פון היינטיגער צייט, קומט צו די פריער דערמאָנטע צוויי האַנדלונגען פון טיבעריוס גראַקכוס, ברענגט ער, אָן וועל־כען עס איז פּירוש — און דאָס איז אַ שאַרפער סאַרקאַזם פאַר־זיך — טיבעריוס׳עס געזעצלאַכע באַרעכטיגונג פאַר׳ן אַראָפּזעצען זיין מיט-באַאַמטען. אַ רעוואָלוציע, וואָס דאַרף זיך פאַרענטפער־רען, זאָל בעסער זיך אויפגעבען. און ער רעדט וועגען דעם סעמפּראָניאַנישען געזעץ אין די דאָזיגע שניידענדיגע ווערטער:

„עס איז נאָך קיינמאָל ניט אָנגענומען געוואָרען אַ מילדערער געזעץ געגען אַזויפיל אומרעכט און אונטערדריקונג; ווייל די וואָס האָבען פאַרדינט אַ שטראָף פאַר פאַרלעצען די רעכט פון דער געמיינשאַפט און וואָס וואָלטען באַדאַרפט צאָלען אַ שטראָף פאַר האַלטען לאַנד געגען דעם געזעץ, האָבען גאָר געזאָלט באַקומען אַ באַלוינונג פאַר׳ן אָפּזאָגען זיך פון זייערע גרונטלאָזע פּרעטענזיעס און פאַר אומקערען די גיטער פון יענע בירגער, וועמענס לאַגע מען האָט געוואָלט פאַרבעסערען“.

מעג זיך איינער אויפ׳ן איבערצייגטסטען אופן פרעדיגען דעם פּראָלעטאַריאַט די אַבסטראַקטע פּרינציפּען פון זיין אייגענער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, אָבער ווען ער פּרואווט נאָכדעם פאַרצוקערען דעם רעצעפּט מיט פאָרשלאַגען אָדער האַנדלונגען, וואָס האָבען צו טאָן מיט׳ן געדאַנק וועגען „אויסקויפען די קאַ־פּיטאַליסטען“, מאַכט ער צו-נישט אַלץ וואָס ער האָט געפּרעדיגט. ער נעמט אַוועק פון דער רעוואָלוציע איר לאָגישען גרונט און די קראַפט פון איר פּולס.

## 5. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע ווייסט נישט פון עהרפורכט

קאַרל מאַרקס, וועמעס פילאָזאָפיע צייכענט זיך אויס, דער עיקר, דערמיט וואָס זי שטייט מיט ביידע פיס אויף דער ערד און איז העכסט פּראַקטיש, באַמערקט אין סאַמע מיטען פון אַן אַבסטראַקטען עקאָנאָמישען קאַפּיטעל, אַז פאַר דער שטאַנד־

האפטיגקייט פונ׳ם קאַפּיטאַליזם איז נויטיג, אַז דער פּראָלע־טאַריאַט זאָל באַטראַכטען די באַדינגונגען, אין וועלכע ער לעבט, פאַר באַדינגונגען פון אַלע צייטען.

בלינדע פאַרהייליגונג איז אַ פרוכט פונ׳ם קאַפּיטאַליזם פון די נייסטע צייטען. דער קאַפּיטאַליסט, וואָס האָט אָנגעהויבען מיט דער ראָלע פון אַ געטער־לעסטערער, פאַרענדיגט מיט דער ראָלע פון אַ מאָגען־וואָרעם. און פאַר אים איז וויכטיג, אַז די פּראָלעטאַרישע מאַסען זאָלען זיך באַציען צו אים מיט אַבשיי. דער וואָרצעל פון דער דאָזיגער בלינדער פאַרגעטערונג איז דער גלויבען אין דער אַלטערטימלאַכקייט פון דעם פאַרגעטערטען געגענשטאַנד און דאָס באַציט זיך אויף דער צוקונפט פונקט ווי אויף דער פאַרגאַנגענהייט. דער קאַפּיטאַליזם אינאיינעם מיט זיינע געטער און זיינע געטער אינאיינעם מיט אים, ווערען פּראָ־קלאַמירט פאַר „הייליג״ — „זיי זיינען שטענדיג געווען און וועלען שטענדיג זיין — אַ לעבען אָן אַ סוף״. דער קאַפּיטאַליסט דערמוטיגט אַזאַ „עהרפורכט״; און בעת ער שטעלט ארויס זיינע פריסטער צו טאָן פאַר אים די נויטיגע אַרבעט, האַלט ער זיך אליין פאַר׳ן כהן גדול. דער אוזורפּאַטאָר נויטיגט זיך תמיד אין דעם מאַנטעל פון הייליגקייט און דעריבער איז וויכטיג אים צו אנטהוילען.

טיבעריוס׳עם האַלטונג האָט אונטערגעשטיצט דעם דאָזיגען נוצלאַכען קאַפּיטאַליסטישען שווינדעל. טיבעריוס האָט קולטי־ווירט אַכטונג צו דער מאַגיסטראַטור. דערמיט וואָס ער האָט פאַרטיידיגט דאָס אַראָפּזעצען פון זיין ברודער־מאַגיסטראַט, האָט ער געהייליגט דעם אוזורפאַטאָרען־קלאַס. די פאַרטיידיגונג האָט איינגעפלאַנצט אבערגלויבערישען יראת הכבוד אין די מוחות פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, וועמעס שלאָגענדיגע האַנט קאָן קיינמאָל ניט זיין פריי, ווען זיין מוח איז ניט פריי. ווען די עהרפורכטיגע פּראָלעטאַריער האָבען געטראָטען איינער אויפ׳ן צווייטען, כדי מיט עהרפורכט צו מאַכען פלאַץ פאַר די סענאַטאָרען, וועלכע האָבען מיט שטעקענס, פלעקער און שטיקער צעבראָכענעם מע־בעל זיך אַ לאָז געטאָן צו דער׳הרג׳ענען טיבעריוס׳ען, האָט דער

אומגליקלאכער רעפּאָרמער געמוזט באַמערקען, אַז די פּייל וואָס האָט אים געטויט איז געהאַלטען געוואָרען אין גלייכמעסיגער באַוועגונג מיט דער הילף פון אַ פעדער פון זיינע אייגענע רע־פאָרמאַטאָרישע פליגלען.

גרינגשעצונג — ניט די גרינגשעצונג פון חוצפה, וואָס איז אַ צייכען פון שוואַכקייט, נאָר די גרינגשעצונג וואָס איז דער צייכען פון'ם באַוואוסטזיניג־שטאַרקען — איז איינער פון די באַלעבענדע אַטעמס פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

עהרפורכט פאַר'ן אוזורפּאַטאָר מיינט גייסטיגע — און אַלס רעזולטאַט, אויך פיזישע — אונטעריאָכונג צו אוזורפּאַציע.

## 6. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פאַרלאָזט זיך אויף די אייגענע כחות

די טאַקטיק פון גאַיוס גראַקכוס צו זוכען שטיצע אָדער שוץ אין דער ריטער־גרופּע דערמיט, וואָס ער האָט איר געגעבען די מאַכט פון סענאַטאָרען, איז געווען אַן ערנסטער טאַקטישער פעלער. אַנשטאַט אָנצושטעקען די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג מיט אַ גלויבען אין די אייגענע כחות, האָט ער זי דערמיט איינ־געוויינט זיך אָנצושפּאַרען אויף אַנדערע. די פּראָלעטאַרישע רע־וואָלוציע טאָר אונטער קיינע אומשטענדען ניט שפּילען די ראָלע פון דעם פערד אין יענער פאַבעל.

איר קאָנט די פאַבעל? עס איז אַ שיינע פאַבעל. אַ פערד האָט געהאַט אויסצושטיין צרות פון אַ לייב. דאָס פערד האָט זיך אַרומגעזען, אַז זיינע מעגלאַכקייטען זיך צו פאַשען זיינען פאַרמינערט געוואָרען פון דער ברומענדער חיה, וואָס האָט געלויערט צווישען די בוימער און איז געווען גרייט יעדע רגע אים צו באַפאַלען. און אָפט פלעגט דער לייב טאַקע אים באַפאַלען און ניט זעלטען האָט ער אים צעקראַצט ביז בלוט; און אַז דאָס פערד האָט געזען, אַז דער שטח פון זיין פיטערונג־פּלאַץ ווערט אַלץ קלענער און זיין לעבען איז סיי־ווי־סיי אין סכנה, האָט עס געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט אַ מענשען. לויט דעם אָפּ־מאַך האָט זיך דער מענש געזעצט רייטענדיג אויפ'ן פערד און

מיט זייערע פאַראייניגטע כחות האָבען זיי בייגעקומען דעם לייב. אָבער דאָס פערד האָט זיך שוין קיינמאָל ניט געקאָנט באַפרייען פון דעם מענשען אויף זיין רוקען.

ווען גאַיוס גראַקכוס האָט די ריטער געגעבען די מאַכט, וואָס זיי האָבען פריער ניט פאַרמאָגט, האָט ער דערמיט זיכער אָפּגעשוואַכט דעם סענאַט, ער האָט אָבער אין דער זעלבער מאָס פאַרגרעסערט די צאָל פון די אַנטיילנעמער אין דער פּאָליטישער אוזורפּאַציע, וואָס האָט געשטיצט און ארויסגערופען דעם סאָציאַלען עלענד, אַנטקעגען וועלכען ער האָט געקעמפט. די ריטער-גרופּע האָט באַלאַנגט צום זעלבען קלאַס, וואָס האָט גענאָסען פון די סענאַטאָרישע פאַרברעכענס. ווען גאַיוס גראַקכוס האָט דער ריטער-גרופּע געגעבען די מאַכט, וואָס איז פריער געלעגען אויסשליסלאַך אין די הענט פון סענאַט, איז ער געווען מער געזיכערט קעגען דעם סענאַט, אָבער נאָר אַזוי ווי דאָס פערד אין דער פאַבעל איז געווען געזיכערט געגען דעם לייב נאָך זיין פאַראייניגונג מיט'ן מענשען. פּונקט ווי דאָס פערד, האָט גאַיוס אַרויפגעזעצט אויף זיין רוקען אַ הערשער. און עס האָט געשלאָגען די שעה, ווען דער הערשער האָט אים פאַרריטען צום טויט.

עס איז אַ פאַרשווענדונג פון צייט און ענערגיע פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט צו שלאָגען די דעמאָקראַטישע פאַרטיי, ווי דריקענד די לאַסט פון דער דאָזיגער פאַרטיי זאָל ניט זיין, אויב דערביי זעצט מען זיך ארויף אויפ'ן רוקען די רעפּובליקאַנישע פאַרטיי, די שותּפטע פונ'ם דעמאָקראַטישען אונטערדריקער; און ווי פאַרביטערט דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט זיין געגען דעם רעפּובליקאַנישען פּרעזידענט אָדער גאָווערנאָר, וועלכער וואַרפט אַרויף די באַוואָפענטע מאַכט פון שטאַט אָדער פון לאַנד אויף דער קאַפּיטאַליסטישער וואָג-שאָל בעת אַ קאַמף צווישען ארבעטער און אַרבעט-געבער, וואָלט עס געווען ניט מער ווי פאַרשווענדונג פון צייט און ענערגיע צו בייטען די רעפּובליקאַנער אויף זייער דעמאָקראַטישען דופּליקאַט: דאָס אַלץ איז אלף-בית. דער גורל פון דעם פערד אין דעם פאַבעל אילוסטרירט די זינלאָזיג-

קייט פון אזא האנדלונג. מען קאן ניט ריכטיג שלאגען קיינע פון די פארטייען, סיידען מען שלאגט זיי ביידע איינצייטיג. און נאר דער פראלעטאריאט האט די מאכט זיי ביידע צו דערלאנגען דעם טויט־קלאפ.

דאס אלץ זיינען גרונט־אמת׳ען. און פונקט אזא נאטירלאכער גרונט־אמת, כאטש ער איז אפשר ווייניגער אויגענשיינלאך, דארף זיין דער פרינציפ, אז ניט נאר טאר די פראלעטארישע רעוואלוציע ניט זוכען, נאר זי מוז אויך אויסמיידען ווי א פעסט יעדע פאראייניגונג מיט וועלכען ניט איז אנדערען קלאס אין אירע קאמפען און אפילו אין אירע לייכטע צוזאמענשטויסען מיט׳ן קאפיטאליסטישען קלאס — די לענדלארד־פלוטאקראטיע פון אונזער צייט. דא ווייזט זיך ווידער די ספעציפישע שוואכקייט פון דעם פראלעטאריאט, זיין נייגונג זיך צו לאזען פארנארען, און די פראלעטארישע באוועגונג דארף דא שטיין אויף דער וואך.

אין דער מאדערנער געזעלשאפט איז ניטא קיין סאציאלער אדער עקאנאמישער קלאס אונטער׳ן פראלעטאריאט. ער איז דער לעצטער אויף׳ן צעטעל. ווען עס וואלטען געווען אנדערע קלאסען אונטער דעם פראלעטאריאט, וואלט די פראלעטארישע רעוואלוציע ניט געווען דאס וואס זי איז — די ערשטע פון אלע רעוואלוציעס מיט אן אלוועלטלאכער הומאניטארער פראגראם. אלע אנדערע קלאסען, וואס האבען געשטרעבט זיך צו באפרייען פון דעם קלאס איבער זיי, האבען זיך אליין געשטיצט אויף דער אונטעריאכונג פון דעם קלאס אונטער זיי. נאר די פראלעטארישע רעוואלוציע מיינט די אפשאפונג פון קלאסען־הערשאפט. פון דעם פאלגט, אז יעדער קלאס, מיט וועלכען דער פראלעטאריאט זאל זיך ניט פאראייניגען, איז א קלאס פון אונטערדריקער, כאטש ער אליין מעג זיין אונטערדריקט פון אויבען; אין אנדערע ווערטער: ער מוז זיין א קלאס, וועמענס קלאסען־אינטערעסען זיינען באזירט אויף דער אונטעריאכונג פון די ארבעטער. דער היינטיגער מיטעל־קלאס איז אזא קלאס. פונקט ווי דער מענש אין דער פאבעל, קאן דער מיטעל־קלאס זיך פאראייניגען מיט׳ן

פראָלעטאַריאַט נאָר מיט דער אַבזיכט צו רייטען אויף אים. ווי שיין עס זאָלען ניט קלינגען זיינע קאַמף־רופען, זיינען זיי נאָר מיטלען צו פאַרפירען דעם פּראָלעטאַריאַט.

אַזוי לאַנג ווי אַ פּראָלעטאַרישע באַוועגונג זוכט „בונדען אין דער פרעמד", באַווייזט זי, אַז זי קאָן נאָך ניט שטיין אויף די „אייגענע פיס". אַזאַ „בונד" קאָן נאָר אַוועקנעמען באַ דער באַוועגונג יעדען שאַנס זיך צו אַנטוויקלען און באַקומען אייגענע פיס. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פאַרלאָזט זיך אויף אירע אייגענע כחות.

## 7. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע לאָזט זיך ניט פאַרשטאָפּען דאָס מויל

די מיטלען צו פאַרשטאָפּען דאָס מויל זיינען ניט קיין פּאַליאַטיווען. דאָס זיינען זאַכען, וואָס זיינען אין גרונט פאַרשידען. איך האָב שוין דערקלערט, וואָס אַ פּאַליאַטיוו איז. דאָס וואָס מען גיט צו פאַרשטאָפּען דאָס מויל, איז ניט קיין „ברעקעל" דערפון, וואָס קומט אייך און וואָס מען גיט אייך פאָראויס. עס איז אַן „עקסטרא", אַ „צוקערקע", אַ נאַרקאָטיש מיטעל צו באַרואיגען. פּאָלגלאַך, קאָן עס אַזוי ווייניג ווי דער פּאַליאַטיוו פאַרמירען דעם כאַראַקטער פון דער באַוועגונג און העלפען איר גראָדקייט. די דאָזיגע נאַרקאָטישע מיטלען זיינען אַ צעבראַכענער רער צום אָנלענען זיך, און קיין רעוואָלוציאָנער וועט זיך דערמיט ניט באַנוצען. אויף אַזאַ מין רער האָט זיך גאַיוס גראַקכוס געוואָלט אָנשפּאַרען, ווען ער האָט פאַרגעשלאָגען צו גרינדען דריי קאָלאָניעס צו פאַרבעסערען די לאַגע פון׳ם רוימישען פּראָלעטאַריאַט.

וואָס האָט מען געקאָנט אויפטאָן מיט די דאָזיגע קאָלאָניעס? צום אַלעם ערשטען איז דאָס געווען אַ מין דעזערטירערייי. די קאָלאָניסטען האָבען באַדאַרפט פאַרלאָזען רוים, פאַרלאָזען דעם באָדען פון איטאַליע, בקצור — דאָס שלאַכטפעלד, און זיך באַזעצען ווייט פון רוים, אין אַפריקא, אין שפּאַניע, אין סאַרדיניא. אָבער די הויפּט זאַך איז, ווי האָבען די קאָלאָניסטען געקאָנט

פאַרגרינגערען די צרה אין רוים? סיידען די אונטערנע־
מונג זאָל געמאַכט ווערען אויף אַ ריזיגען מאַסשטאַב; דאָס הייסט,
אַז מען זאָל אָרגאַניזירען אַ מאַסען־אויסוואַנדערונג פון דער
שטאָט, און דאָס וואָלט צונישט געמאַכט דעם צוועק פון דער
אונטערנעמונג. יעדענפאַלס איז דער פאָרשלאַג צו גרינדען
בלויז דריי קאָלאָניעס געווען ניט מער ווי אַ מיטעל צו פאַרשטאָ־
פען דאָס מויל. אַ רעוואָלוציאָנער טאָר קיינמאָל ניט פאַרשטאָ־
פען דאָס מויל דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט מיט ווערטלאָזע
זאַכען. ווען ער טוט עס, באַקומט דער שונא די אויבערהאַנט
איבער אים: ער קאָן תמיד אַריבערבאָטען דעם רעוואָלוציאָנער.
און דאָס איז געווען דער פאַל מיט גאיום גראַקכוס. דער פאָר־
שלאַג צו גרינדען צוועלף קאָלאָניעס, מיט וועלכען דער פאַטרי־
ציאַט האָט געענטפערט אויף גאיוס׳עס פלאַן וועגען דריי קאָלאָ־
ניעס, האָט אין גאַנצען נייטראַליזירט גאַיוס׳עס פלאַן און די
„אויסצייכענונג" האָט באַקומען דער פאַטריציאַט. דער רוימי־
שער פראָלעטאַריאַט האָט זיך געווענדט אַהין וואו ער האָט גע־
קאָנט באַקומען אַ גרעסערע פאָרציע פון דעם ווערטלאָזען מאכל.
און צוליב דעם, מער ווי צוליב עפּעס אַנדערש, האָט גאיוס פאַר־
לוירען זיין אַרמיי. און ווען ער איז פאַרלאָזען און געשלאָגען
געוואָרען, איז דאָס גרעסטע אָפּגעגריזשעטע ביינדעל פון
צוועלף קאָלאָניעס, קיינמאָל ניט געגעבען געוואָרען. דער פלאַן
וועגען די קאָלאָניעס האָט ערפילט זיין אויפגאַבע צו דינען פאַר
אַ נאַרקאָטישען מיטעל און מען האָט אים אַוועקגעוואָרפען.

וועגען דעם פונקט איז פאַראַן אַ מערקווירדיגע אילוסטראַ־
ציע, פריש, נאָר וואָס פון אויוועז. איך לייען דאָס פאַר אייך אַ
טעלעגראַמע ארויסגעשיקט פון שיקאַגאָ דעם 2טען אַפּריל —
בלויז צוויי וואָכען צוריק — צו דעם **סאָשעל דעמאָקראַטיק
העראַלד** פון מילוואָקי, און אונטערגעשריבען „דזשייקאָב
ווינען". ריידענדיג וועגען דער אָפּשטימונג מיט אַ טאָג פריער
וועגען אַ פאָרשלאַג פון אַ קאַפּיטאַליסטישע פאַרטיי אין שיקאַגאָ
איבערצונעמען אין קהל׳שען באַזיץ געוויסע אונטערנעמונגען,
זאָגט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט ווינען: „צוויי דריטעל מאַיאָ־

ריטעט פאר אָט דעם פאָרשלאָג באוויזט, אַז דער סאָציאַליזם טראָגט זיך ווין דער לופט".

די אַרבעטער־וועלט אין שיקאַגאָ איז אַ היבש ביסעל מער צערודערט ווי אין ניו יאָרק. צוליב דעם, און אפשר אַ דאַנק דער אַזיערא־לופט, זיינען די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישענס פון שי־קאַגאָ פיל „פלינקער" ווי אפילו די ניו יאָרקער. אפילו אין ניו יאָרק זיינען לעצטענס איינציגע פּאָליטישענס ארויסגעפּאָרען אויף דעם דאַזיגען „קהל'שען באַזיץ". אומדערשראָקענע סאָציאַלי־סטישע אַגיטאַציע האָט באַקאַנט געמאַכט באַם עולם די סאָציאַ־ליסטישע שטרעבונגען. אַזוי ווי דער פּאָליטישער מאַכער איז ניט נאָר „פלינק", נאָר אויך אַ „ברייטער מענש", אַרט עס אים ניט אַז ער וועט באַקומען „סאָציאַליסטישע" שטימען. אַזוי ווי ער איז ניט נאָר אַ מענש מיט אַ ברייטען „בליק" נאָר אויך „פלינק", האָט ער גאָרניט געגען שפּילען די קאָמעדיע, אויב ער קאָן זיך נאָר פאַרגינען צו געבען דעם שאָטען פון דער זאַך, אַנשטאָט די זאַך גופא. און נאָך וויניגער איז ער געגען דער שפּיל, ווען ער קאָן דערמיט שעדיגען דעם סאָציאַליזם. „קהל'שער באַזיץ" איז באַזונדערס צוגעפּאַסט פאַר דעם צוועק. עס קלינגט „סאָציאַ־ליסטיש"; און דאַך, ווייסען מיר, קאָן זיך הינטער דעם באַהאַל־טען די ערגסטע אַנטי־אַרבעטער כונה. נאָכדעם ווי די קינדישע טעאָריע וועגען זיין גאָט געשיינקטער פעהיגקייט צו פירען די אינדוסטריען האָט געליטען שיף־ברוך, קאָן דער קאַפּיטאַליסט געפינען אַ ווארימען מקום מקלט אין האַפען פון „קהל'שען באַ־זיץ". עס איז אַן אידעאַלער קאַפּיטאַליסטישער מיטעל צו פאַר־שטאָפּען די מיילער פון די, וואָס לאָזען זיך אַ שמיר טאָן איבער די ליפּען און זיך פאַרשטאָפּען די מיילער. מיר ווייסען עס. און אין איינקלאַנג דערמיט איז געשאַפען געוואָרען די „מוניציפּאַלע פּראָגראַם" פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, ווי זי איז איצט. זי זיכערט דעם מיטגליד פון דער פּאַרטיי געגען דער סכנה פאַרפירט צו ווערען, און עס איז ניט קיין איבערראַשונג וואָס מיט דעם „מוניציפּאַלען קהל'שען באַזיץ" באַנוצען זיך אַזוי ברייט די שיקאַגאָער פּאָליטישע מאַכער. מען באַנוצט זיך

דאָרטען דערמיט אַזוי ברייט. אַז אין דער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט די וואַלען פון ערשטען אַפּריל, איז „קהל׳שער באַזיץ“ געוועזן דער פּאָליטישער לאָזונג פון אַ קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז געוועזן אַ פּונקט אין דער פּלאַטפאָרמע, און די רעדעס פון די פּאַרטיי־פּאָליטיקער האָבען געהילכט מיט „שטאָטישען באַזיץ“ פון באַנען, פון דער גאַז־פּראָדוקציע, פון עלעקטריציטעט — בקצור, פון אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט נאָך געזען. און די שיקאַגאָר פּאָליטיקער האָבען אַ גוטען חוש־הריח; און ווי גוט זיי קאָנען אָנשמעקען זאַכען, קאָן מען זען דערפון, וואָס די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי האָט באַדייטענד פאַרגרעסערט אירע שטימען, בעת די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי — מיט דער דעקלאַראַציע אין איר נאַציאָנאַלער פּלאַטפאָרמע וועגען „קהל׳שען באַזיץ“. וואָס האָט אונטערגעשפּילט דער טאַקטיק פון מויל־פאַרשטאָפּונג, האָט גע־ליטען אַ פאַרלוסט אַזוי, אַז אירע סטאַטיסטיקער האָבען געמוזט זוכען רעטונג אין חשבונות וועגען „פּראָצענטען“. אַט דאָס איז געוועזן די לאַגע אין שיקאַגאָ. דער פאַרשטענדיגער סאָציאַליסט באַגרייפט דעם אמת׳ן ווערט פון „קהל׳שען באַזיץ“ אין יענער וואַל־קאַמפּאַניע; ער קאָן דאָס ניט פאַרבייגיין. די גרויסע צאָל שטימען, וואָס איז אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר דעם דאָזיגען קאַפּיטאַליסטישען פּלאַן פון „קהל׳שען באַזיץ“, קאָן ניט אויסגלייכען די קנייטשען אויף זיין שטערען, נאָר פאַרקערט, לייגט אַוועק קנייטשען אויפ׳ן שטערען. די דאָזיגע שטימען אָנטפּלעקען היבשע לעכער אין דער סאָציאַליסטישער ערציאונג. זיי באַווייזען, אַז גרויסע מאַסען זיינען געבליבען ניט אויפגעקלערט; אַזוי אַז מען האָט זיי געקאָנט כאַפּען מיט פליגען־פּאַפּיר. ניטאָ קיין גרונט זיך צו פרייען מיט דער ערשיינונג. און דאָך יובעלט יענער סאָציאַל־דעמאָקראַט: „צוויי דריטעל מאַיאָריטעט פאַר מוניציפּאַלען באַזיץ וועיזט, אַז דער סאָציאַליזם טראָגט זיך אין דער לופט“.

„טראָגט זיך אין דער לופט“! דער סאָציאַליזם איז „אין דער לופט“ — אומעטום, אַ חוץ אין דעם באָדען פון שיקאַגאָ. צוויי דריטעל מאַיאָריטעט פאַר אַ פאָרשלאָג וועגען מוני־

ציפּאַלען קהל׳שען באַזיץ, וואָס קומט פון אַ קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטישער פּאַרטיי. „ווייזט אַז דער סאָציאַליזם טראָגט זיך אין דער לופט״, און מען ווייזט אָן דערויף מיט פרייד! קאָנט איר זיך פאָרשטעלען אַזאַ קינדישקייט? פאַר די דאָזיגע מענשען האָבען די גראַקכי ברידער געלעבט, געאַרבעט, געבלוטעט און זיינען געשטאָרבען — אומזיסט!

זאָל נאָר דער מאָדערנער רעוואָלוציאָנער פּרוואָוען דעם קונץ מיט שטאָטישען קהל׳שען באַזיץ, און ער וועט זען, אַז דער קאַפּיטאַליסט וועט אים דאָ אויסטרייסלען פון אַרבעל. קיין זאַך איז ניט מער דעמאַגאָגיש ווי אוזורפּאַציע. אויף יעדען פאָרשלאַג פון „קהל׳שען באַזיץ״, וואָס ער וועט פאָרשלאָגען, וועט אים דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס ענטפערען מיט צוועלף; פונקט ווי דער רוימישער סענאַט האָט געגעבען פיר קאָלאָניעס פאַר יעדער איינער, וואָס גאַיוס גראַקכוס האָט פאָר־געשלאָגען. דער סענאַט האָט דערמיט אָפּגעצויגען פון גאַיוס׳ען זיינע אונטערשטיצער און האָט געשלאָגען די רעוואָלוציע, און גאַיוס גראַקכוס האָט אַליין מיטגעהאָלפען דערצו. יעדער פאָר־שלאַג פון דעם מין וואָס גאַיוס האָט צוגעוואָרפען די פּראָלע־טאַריער איז געווען אַ שטיק באַנאַנאַ־שאָלאַכץ אונטער זייערע פיס. נאַטירלאַך, האָבען זיי זיך אויסגעגליטשט און זיינען גע־פאַלען.

ניט צוקערקאַלאַך, נאָר אומקאָנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע פונ׳ם קאַפּיטאַליזם, איז דער קאַמף־רוף פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

## 8. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע ווערט געפירט און צוזאַמענגעהאַלטען מיט דער הילף פון פאַר־שטאַנד, ניט פון שיין־רעדנעריי.

די שפּראַך איז מעכטיג, וועגען דעם קאָן קיין ספק ניט זיין. אָבער די זעלבע שפּראַך, וואָס ווירקט אין איין פאַל, בלייבט אָן אַ ווירקונג אין אַ צווייטען פאַל. וואָס פאַר אַ מין שפּראַך עס זאָל ניט זיין צוגעפּאַסט פאַר אַנדערע געביטען, אויפ׳ן געביט

פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע מוז זי זיך אויסצייכענען מיט איר זין, ניט מיט איר קלאַנג; מיט לאָגיק, ניט מיט שיין־ריידנעריי. די ערציאונג, וואָס די גראַקכי ברידער האָבען באַקומען — דער עיקר, גאַיוס'עס ערציאונג — האָט זיי געמאַכט אומפּאַסיג פאַר זייער אויפגאַבע. פון קינדווייז אָן זיינען זיי געווען תלמידים פון די גריכישע רעטאָריק־לערער, און רעטאָריק איז ווי אַ שיף, וואָס קאָן שפּאַלטען די וואַסערען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אָבער די וואַסערען פאַרמאַכען זיך צוריק הינטער איר און עס בלייבט אויף זיי ניט קיין שפּור פון אַ שטעג.

אָרגאַניזאַציע איז א נויטיגע באַדינגונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. זי איז אַ נויטיגע באַדינגונג צוליב די גרויסע צאָלען מענשען, וואָס באַטייליגען זיך אין איר; זי איז אַ נויטיגע באַדינגונג, דער עיקר, אָלס טאַקטישע באַשיצונג געגען דער טאַקטישער שוואַכקייט, אויף וועלכער איך האָב שוין אָנגעוויזען, פון דעם פּראָלעטאַריאַט אָלס רעוואָלוציאָנערע קראַפט. אַנדערע רעוואָלוציעס האָבען געקאָנט געלונגען מיט אַ לויזער אָרגאַניזאַציע און מיט אומפּאָלקאָמענע אינפאָרמאַציעס. צום אָלעם ערשטען, איז זייער באַלאַסט געווען אַנדערש; צווייטענס, האָבען זיי זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער שקלאַפעריי פון עפּעס אַ קלאַס און אַן אַרמיי פון שטומע פיה האָט זיך גאַנץ גוט אריינגעפּאַסט אין זייער סאָציאַלער אַרכיטעקטור. אַנדערש איז עס מיט'ן פּראָלעטאַריאַט, ער נויטיגט זיך אין אינפאָרמאַציע אי פאַר באַלאַסט, אי צום זעגלען, און זיין אָרגאַניזאַציע מוז זיך אויסצייכענען מיט איר באַוואוסטזיניגער צוזאַמענווירקונג. די פּראָלעטאַרישע באַפרייאונגס־אַרמיי קאָן ניט זיין קיין בלינד־געטריבענע שטומע סטאַדע. די אידעע פון אזא אַרמיי באַם פּראָלעטאַריאַט איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך זעלבסט. און די גאַנצע קונציגע רעטאָריק, וואָס די גראַקכי ברידער האָבען גענוצט מיט אַ ברייטער האַנט, האָט ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער מושטירונג און איבונג אין האַרטער, טריקענער אינפאָרמאַציע, אין וועלכער דער רוימישער פּראָלעטאַריאַט האָט

זיך געגוויטיגט. די גראַקכישע שיין־ריידנעריי איז געווען אנגע־
נעם און אַמוזאַנט, האָט מיטגעריסען, האָט אָבער ניט אָרגאַני־
זירט; האָט ניט געקאָנט אָרגאַניזירען. באַם ערשטען שטויס
זיינען זיך די ארמייען צעפלויגען, פונקט ווי מיר האָבען ניט
איינמאָל געזען פּראָלעטאַרישע ארמייען פאַרשווינדען אין אונ־
זערע צייטען.

רעטאָריק איז אַ וואָפע פאַר רעפאָרם; זי קאָן צעאַקערען
דעם באָדען, זי קאָן אָבער ניט זייען. די פּראָלעטאַרישע רעוואָ־
לוציע געברויכט וואָפען פון אַ האַרטערען מאַטעריאַל.

## 9. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע געברויכט ניט קיין צווייד־יטיגקייטען

עס איז אַ סכנה פאַר אַ רעוואָלוציע צו פאַרבאָרגען אירע
צילען.

און דאָס איז דער עיקר אמת וועגען דער פּראָלעטאַרישער
רעוואָלוציע. גאַיוס גראַקכוס האָט געקעמפט געגען סענאַט.
לויט זיין מיינונג איז די דאָזיגע קערפּערשאַפט געווען די פאַר־
קערפּערונג פון אַל־דאָס בייז. אז ער איז געווען אויבערפלאַכ־
ליך אין זיין בליק, זעט מען דערפון, וואָס ער האָט דער ריטער־
גרופּע — מענשען פון דעם סענאַטאָרען־קלאַס — געגעבען סע־
נאַטאָרען־מאַכט. און דאָך איז עס געווען דער סענאַט, וועמען
ער האָט געוואָלט אומוואַרפען. לויט זיינע באַגריפען, איז דער
סענאַט געווען די שטערונג אויפ׳ן וועג צום סאָציאַלען וואוילזיין.
דער ציל פון זיין רעוואָלוציע איז געווען אומצושטירצען דעם
סענאַט. ער האָט אָבער דעם סוד געהאַלטען טיף פאַרבאָרגען
בא זיך אין האַרצען און האָט אים ערלויבט נאָר אינדירעקט זיך
צו אַנטפּלעקען.

מען דערציילט וועגען גאַיוס׳ען, אַז כדי אָנצודייטען, אַז
מען דאַרף זיך ניט רעכענען מיט׳ן סענאַט, נאָר מיט׳ן פאָלק, איז
ער בעת זיינע עפענטלאַכע רעדעס געשטאַנען מיט׳ן פנים ניט
צום סענאַט, ווי עס פלעגען טאָן די אַמאָליגע רעדנער, נאָר צום
פאָרום. דאָס איז געווען אַ שטיקעל פאַנטאָמימע, וואָס איז געווען

אומווירדיג פאַר אַ גרויסער אידעע, וועלכע האָט געפאָדערט אַ קלאָרע שפּראַך. מיט אַזאַ האַנדלונג האָט גאָיום נאָר געקאָנט פאַרטונקלען זיינע צילען, און דאָס האָט אים אַלס רעזולטאַט, נאָר געקאָנט שוואַכער מאַכען. עס האָט ניט געקאָנט אָפּשוואַכען דעם שונא׳ס וואַכזאַמקייט. און פון דער צווייטער זייט, האָט אַזאַ האַנדלונג געהאַלטען דערווייטערט פון אים כחות, וועלכע זיינען נויטיג געוועז פאַר זיינע צילען און וועלכע ער וואָלט צוגעצויגען מיט אַן אָפענער, קלאָרער שפּראַך.

נאָר אויפ׳ן וועג צו שקלאַפעריי דאַרף מען די מילדע; דער וועג צו פרייהייט פאָדערט אַ גראָבערע האַנט. פאַנטאַמימעס און צווייזייטיגקייטען זיינען אפשר גוט פאַר אַ באַוועגונג, אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט שפּילט די ראָלע פון שטומע לאַסט-פיה. פאַנטאַמימעס און צווייזייטיגקייטען זיינען אָפּשטויסענד פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און ווערען פאַרשטויסען פון איר.

אַלס פאָררעדע צו „געזעצען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“, האָב איך געזאָגט, אַז זיי פאַסען זיך אריין איינס אין צווייטען, ווייל אַלע שטאַמען זיי פון איין צענטראַלען פּרינציפּ. דער דאָזיגער צענטראַלער פּרינציפּ קאָן איצט באַטראַכט ווערען אַלס דאָס צענטע געבאָט, ער איז די סומע פון אַלע געזעצען. איר האָט עס געמוזט מערקען, דורכקוקענדיג די אַנדערע. און דאָס געזעץ איז:

## 10. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע שאַפט כאַראַקטער-פעסטקייט

די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף זיין אַ הילף צו דער גרויסער אַרמיי פון דער פּראָלעטאַרישער באַפרייאונג, מוז שטיין אויף דער וואַך געגען אַלץ, וואָס קאָן דעמאָראַליזירען איר מיטגלידערשאַפט. זי מוז שטרעבען צו פאַרפעסטיגען דעם כאַראַקטער און דעם מוט פון די מאַסען. כאַראַקטער-פעסטקייט איז דער קען-צייכען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. פאָלגלאַך, פאַרנעמט דעם אויבען-אַן אין דעם לאַנגען צעטעל

פון די גראַקכישע טעות'ן דער באַשלוס, פריי פאַנאַנדער צו טיי־לען ברויט. דערמיט האָט ער דעם רוימישען פּראָלעטאַריאַט געמאַכט פאַר אַ בעטלער. און בעטלער קאָנען נאָר דעזערטירען און מאַכען קאָמפּראָמיסען; זיי קאָנען ניט מאַכען קיין רעוואָ־לוציע.

מיט אַן ענערגיע, וואָס איז פאַרברויכט געוואָרען אויף לאַטען „פּאַרמען"; מיט אַן אינטעלעקט פאַרדאָרבען פון אומ־לאָגישע שטעלונגען; מיט אַ מוט רואינירט פון פּאַליאַטיוועןן; מיט אַ רעוואָלוציאָנערער ווירדיגקייט אָפּגעטעמפּט פון „פּרע־צעדענטען"; מיט אַ מאָראַלישען מוט פּאַראַליזירט פון יראת הכבוד פאַר זאַכען, וואָס האָבען דאָס ניט פאַרדינט; מיט אַ זעלבסט־זיכערקייט, וואָס איז געבראָכען געוואָרען דורך דעם, וואָס מען האָט זיך אָנגעלענט אויף פיינדלאַכע עלעמענטען; מיט אַן אַנטשלאָסענהייט, וואָס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען פון „צו־קערקעלאַך"; מיט אַ מוח אויסגעליידיגט מיט דער הילף פון שיין־ריידנערייי; מיט חושים געזעטיגט פון פאַנטאָמימע; ענדלאַך, מיט אַ כאַראַקטער דעגראַדירט צו בעטלעריי — וואָס איז דער וואונ־דער, אַז אין דעם מאָמענט, ווען דער רוימישער פּראָלעטאַריאַט איז געקומען פנים אל פנים מיט'ן קאַמף, האָט ער געהאַנדעלט ווי בעטלער, האָט שלום געמאַכט מיט'ן אוזורפּאַטאָר און האָט פאַרראַטען זיינע פירער?

עס איז אַן אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע שאַרף צו קריטיקירען די אויפפירונג פון מענשען מיט אַזעלכע נאָבעלע צילען ווי די גראַקכי ברידער. עס מוז אָבער פאַרצייכענט ווערען, אַז פון אַלע אומגליקלאַכע האַנדלונגען פון די גראַקכי, קאָן זיך קיינער ניט פאַרגלייכען מיט גאַיוס'עס האַנדלונג, ווען אַ פאַרלאָזענער פון די מאַסען, וועלכע ער אַליין האָט דעמאָראַליזירט און פאַר־טריבען פון זיך, האָט ער מתפלל געווען אין דעם טעמפּעל פון דיאַנאַ, די געטער זאָלען זיי באַשטראָפען מיט אייביגער שקלאַ־פעריי פאַר זייער „געמיינער אומדאַנקבאַרקייט" — פונקט ווי עס טוען היינטיגע צייטען די אויטאָפּיסטען, וואָס ווערען רעַ־אַקציאָנערען.

# ווארנונגען פון דער פארגאנגענהייט

אין דעם ערשטען פון די דאזיגע „צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע" האב איך אנגעוויזען אויף דער סכנה, וואס לויערט הינטער דער אויטאמאטיש-מעכאנישער סיסטעם פון דיינקען אין דער סאציאלער פראגע. דער מענש, וואס וואלט געזאגט: „דער קאפיטאליסט לעבט אויף דער הכנסה פון ארבעט; וואס מער דער קאפיטאליסט באקומט, אלץ ווייניגער קומט אן דעם ארבעטער; וואס מער דער ארבעטער באקומט, אלץ ווייניגער בלייבט פאר'ן קאפיטאליסט; צווישען דעם ארבעטער און דעם קאפיטאליסט גייט אן אן אומפארמיידלאכער קאמף; שלום צווישען זיי איז אוממעגלאך; דעריבער מוז מארק האננא'ס „אינדוסטריעלע שלום-קאמיסיע" זיין א דורכפאל" — דער מענש וואס וואלט דאס געזאגט, וואלט געזאגט דעם אמת. און דאך איז באוויזען געווארען, ווי פאטאל דער טעות איז געווען, זיך אפצושטעלען בא דעם שלום און זיך בארואיגען.

באטראכטענדיג די קאריערע פון דעם פלעבעער-פירער, האבען מיר געזען, וואו די געפאר שטעקט. צווישען דעם פאטריציאט און די בורזשואזע פלעבעער, פון איין זייט, און די איבריגע טיילען פון דעם פלעבעער-קלאס פון דער צווייטער זייט, איז אנגעגאנגען פונקט אזא אומפארמיידלאכער קאמף ווי איצט צווישען דעם קאפיטאליסטישען קלאס און דעם ארבעטער-קלאס. וועגען הארמאניע צווישען זיי האט קיין פראגע ניט געקאנט זיין. דאך האבען מיר געזען, וואס עס האט פאסירט. צוליב דער אוממעגלאכקייט פון שלום צווישען די עקספלואטאטארען און די עקספלואטירטע אין רוים איז ניט חרוב געווארען קאמילוס'עס טעמפעל פאר דער געטין פון הארמאניע, און עס זיינען ניט אפגעשאפט געווארען די באדינגונגען, וועלכע האבען געפונען זייער אויסדרוק אין דעם טעמפעל. וואס עס האט פאסירט, איז געווען א פארטזעצונג פון סאציאלער אנטוויקלונג. די אנטוויקלונג איז געגאנגען, וואלט איך געזאגט, אויף דער ליניע פון די רעזולטירענדע קרעפטען, וואס זיינען געלעגען אין דעם „אומפארמיידלאכען קאמף" און אין דער אומוויסענהייט וועגען דעם קאמף

אינאיינעם מיט דעם אופן, ווי דער קאַמף איז געפירט געוואָרען. און מיר האָבען געזען דעם אומגליקלאַכען רעזולטאַט.

און פונקט דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט אונז. אַ מעכאַ־נישער, **שאַבלאָנער** ארט פון דיינקען מאַכט אונז בלינד בנוגע דער באַזונדערער, סאָציאַלער טאַקטישער שוואַכקייט, פון וועל־כער עס ליידט דער פּראָלעטאַריאַט אַלס רעוואָלוציאָנערער קראַפט. און די בלינדקייט איז אַ פאַטאַלע.

דער גראַקכישער עפּיזאָד אין דער רוימישער געשיכטע איז געווען אַ צוגאַב צום עפּיזאָד, וואָס האָט זיך געשלאָסען מיט קאַ־מילוס׳עס טעמפּעל פון האַרמאָניע. דער ניט געהובעלטער רוי־מישער פּראָלעטאַריאַט פון די יאָרען 500 ביז 400 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג איז פאַלשטענדיג פאַרמירט געוואָרען אין דער שמידעריי פון דער גראַקכישער טאַקטיק. און וואָס פאַר אַ געשטאַלט האָט ער אָנגענומען?

אַן ארמיי פון לעגיאָנען, וועמעס מאַטאָ איז געווען אַן אָפּשפּאַטונג פון דעם היינטיגען סאָציאַליסטישען פּרינציפּ. דער פּרינציפּ איז: „אַרבעטער, איר האָט גאָרניט צו פאַרלירען אַ חוץ אייערע קייטען און עס שטייט אייך פאַר אַ וועלט צו גע־ווינען!“ — אַ וועלט פון מענשלאַכען גליק, פון אייערע אייגענע נאָבעלע שטרעבונגען. דער כלל ווידער, פון דער רעוואָלוציאָנע־רער ארמיי, וואָס די גראַקכי האָבען פאַרמירט, איז געווען: „פּראָ־לעטאַריער, איר האָט גאָרניט צו פאַרלירען אחוץ אייערע וואַפען, אייער שווערד און אייער פּיקע, און אַ וועלט צו געווינען!“ גע־ווינען, פון וואָס און פון וועמען? פון דער גנאָד פון זייער גענע־ראַל! ווי אַזוי? דורך רויב. וועט עס אין דער איצטיגער צייט פון עלעקטרישער שנעלקייט נעמען פינף הונדערט יאָר צו מאַכען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַ צווייטע וועלט־בייטש?

אין סאָציאָלאָגיע, פונקט ווי אין ביאָלאָגיע, פּראָדוצירען די זעלבע עלעמענטען אין אַ פאַרשידענער טעמפּעראַטור, אַ פאַר־שידענעם אַטמאָספערישען דרוק, פאַרשידענע סובסטאַנצען. די סאָציאַליסטישע רעפּובליק וועט ניט אַרויסשפּרונגען פון דער עקזיסטירענדער סאָציאַלער וועב־מאַשין ווי אַן אייל ציץ קומט

ארויס פון אַ נאַרטראַפּ וועב־שטול. און אין דעם פּראָצעס וועט דער איינציג־מעגלאַכער אַרכיטעקט פון דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק — דער לוין־אַרבעטער, דער לוין־שקלאַף, דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט — ניט פיגורירען אַלס מעכאַנישע קראַפט, מעכאַניש געבראַכט אין באַוועגונג. אין אַנדערע ווערטער: דער וועלט־טעאַטער פון סאָציאַלער עוואָלוציע איז ניט קיין לאַלקע־טעאַטער און די שפּילער אין דעם טעאַטער זיינען נישט קיין מאַנעקענען, וואָס מען באַוועגט מיט דער הילף פון דראָטען.

פונקט ווי דאָס ערשטע פון די דאָזיגע „צוויי בלעטער פון דער רוימישער געשיכטע" האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט אויף אַ סטראַטעגישער סכנה אויף׳ן וועג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און האָט אָנגעוויזען אויף דער נויטווענדיגקייט פון פּאַסיגע אָנגריף־מעטאָדען, פונקט אַזוי ציט דאָס דאָזיגע צווייטע בלאַט — „די וואָרנונג פון די גראַקכי" — די אויפמערקזאַמקייט אויף דער טאַקטישער שוואַכקייט פון אונזער אייגענער אַרמיי אין קאַמף און ווייזט אָן אויף די נויטיגע פאַרזיכטיגקייט־מיטלען.

און מיר אין דעם דאָזיגען לאַנד, אין דעם לאַנד, וואָס איז אַם נאָענטסטען צום אונטערגעגאַנגענעם רוים, מעגען כאַפּען אַ בליק אויף צוריק און לערנען פון יענע פאַרגאַנגענע טעג. עס וועט אונז ניט שאַדען זיך צו נעמען צום הארצען די קאַריערע פון דעם פּלעבעער־פירער; און די טאַקטישע טעות׳ן פון די גראַקכי־ברידער און פון ביידע אַרויסלייענען אַ וואָרנונג פאַר די האַנדלונגען פון אונזער דור.

 **WEEKLY PEOPLE** 

OFFICIAL ORGAN OF THE SOCIALIST LABOR PARTY OF AMERICA

(„דאָס וועכענטליכע פאָלק“)

## אָפיציעלער ענגלישער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פאַרטיי (סאָשעליסט לייבאָר פאַרטי)

—— :: ——

„וויקלי פיפל“ איז אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער וואָכענבלאַט, און איז געווידמעט צו דער אידעע, דאָס די באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס מוז זיין אַן אַרבעט, וואָס ווערט באַוואוסטזיניג דורכגעפירט דורך די אַרבעטער. דער זשורנאַל לערנט, דאָס אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר זיג פון דעם אַרבעטער-קלאַס איז אַ פוסטער חלום, סיידען הינטער דעם זיג שטייט די מאַכט פון די אַרבעטער אין דער פאָרם פון אַ רעוואָלוציאָנערער אינדוסטריעלער יוניאָן. ווייטער לערנט דער זשורנאַל, אַז מען קאָן ניט אָרגאַניזירען דעם אַרבעטער-קלאַס דורך פאַרשלעפּען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די מייזענלעכער פון אַנאַרכיסטען און פאַרשיידענע אַנדערע וואָס גלויבען אין דער אַנווענדונג פון דירעקטער פיזישער קראַפט. „וויקלי פיפל“ דעקט אויף אָהן רחמנות די פּלענער פון די „פיור ענד סימפּעל“-פּאָליטישענס, ווי אויך אַנדערע ראַדיקאַלען, וועלכע גייען אויף קרומע וועגען פון גלויבען אין פשוט'ער פיזישער קראַפט, ווי סאַבאָטאַזש א. ד. ג. אין דערזעלבער צייט פאַרשפּרייט אויך דער זשורנאַל ריכטיגע און גרינדליכע אינפאָרמאַציע וועגען מאַרקסיסטישען און וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. דאָס איז אַ זשורנאַל וואָס, ווען מען לייענט אים בלויז אַ פּאָר מאָל, ווערט ער שוין אַ נויטווענדיגקייט אויף שטענדיג.

—— :: ——

סובסקריפּשאָן פרייז: פאַר 1 יאָר, $2.00; פאַר 6 מאָנאַטען, 1.00; פאַר 3 מאָנאַטען 50 סענט. פּראָבע-סובסקריפּשאָן 25 סענט. די פרייזען פון באַנדעלס קאָן מען זיך דערוויסען ווען מען ווענדט זיך אין אָפיס פון זשורנאַל.

—— :: ——

אַדרעס:

**Weekly People, 45 Rose Street, New York City.**

## קרעפט-יוניאָנס זענען פעסטונגען פון קאַפּיטאַליזם

די קרעפט-יוניאָנס זענען שטערונגען דעם אַרבעטער-קלאַס אויף זיין וועג צו באַפרייאונג. ניט אומעטום זענען זיי באַוואוסטזיניג רעאַקציאָנער, נאָר זייער סאַמע געבוי און צונויפשטעל שטערט זיי צו האָבען וועלכע ניט איז ווערדע פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג אין אַ רעוואָלוציאָנערען זין. אין אַמעריקע, דעם לאַנד פון אונגעשטערטען קאַפּיטאַליזם, האָט די אַמעריקאַנער פּלוטאָקראַטיע (דער קלאַס פון די געלטזעק) לאַנג אויסגענוצט פאַר אירע צוועקען די גאַנצע „קרעפט"-יוניאָן באַוועגונג. די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר איז באַוואוסט אַלס אַ פעסטונג פון קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסען, און זי איז אַלס אַזאַ באַגריסט געוואָרען דורך די וואָרטפירער פון דער פּלוטאָקראַטיע. זי איז שוין געוואָרען אַזוי רעאַקציאָנער, אַז אַפילו אירע וואָרעמסטע אונטערשטיצער (די רעפאָרמיסטישע „סאָציאַליסטישע" פּאַרטיי שוין אויך אַריינגערעכענט) וואָגען שוין מער ניט צו פאַרשטעלען די פאַקטען, נאָר פאַרזיכטיגערהייט אַנטשולדיגען זיי זיך דורך צוגעבען און דורך אויסמיידען אין דער צייט ווען זיי און זייערע נאָכמאַכער, די אַזוי גערופענע „וואָירקערס פּאַרטיי", הערען ניט אויף צו רימען די מעלות פון דער שוין לאַנג עקספּלאָדירטער טעאָריע וועגען דעם „בויערן פון אינווייניג".

עס איז קיין שום ספק ניטאָ דערין, אַז די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר איז איינע פון די סאַמע וויכטיגסטע פעסטונגען פון דער אַמעריקאַנער פּלוטאָקראַטיע, הינטער וועלכער די דערמאָנטע פּלוטאָקראַטיע קאָן זיך אַרבעטען אומגעשטערטערהייט מיט דער גרעסטער זיכערקייט. די דאָזיגע זיכערקייט מיט דער אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר איז אייגענטליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער חוצפּה און אומ'ברחמנות'דיגקייט פון דעם אַמעריקאַנעם קאַפּיטאַליזם, פון וועלכער אונזערע חברים אין אַנדערע לענדער זענען אַזוי פאַרוואונדערט. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסט פילט, אַז אַזוי לאַנג ווי די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָוו לייבאָר איז גאַנץ און פעסט, האָט ער אַ זיכערן בופער (אַ צאַם) צווישען זיין גאַנצער סיסטעם פון עקספּלאָאַטאַציע און דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג. און ער מעג זיך אויך פילען אַזוי רוהיג, אַזוי לאַנג ווי די אַמעריקאַן

פעדערײשאן און לייבאר איז ערלויבט צו האבען א פרייע האנט צו צושפאלטען די ארבעטער אויפ'ן עקאנאמישען פעלד אין פארשיידענע קריגערישע קליינע פאך־יוניאנס, און אויפ'ן פאלאטישען פעלד — אין פארשיידענע קאפיטאליסטישע און רעפארמיסטישע פארטייען.

מיר זענען פעסט איבערצייגט — און אונזער איבערצייגונג איז געבויט אויף א וויסענשאפטליכען אנאליז פון קאפיטאליזם אין אונזער לאנד און אויף א יארענלאנגע ביטערע ערפארונג — אז די „קרעפט"־יוניאן באוועגונג מוז באקעמפט ווערען דורך אלע קאמפסלוסטיגע רעוואלוציאנערן און אז צו יעדער צייט מוזען פראפאגאנדירט ווערען די פרינציפען פון אינדוסטריעלען יוניאניזם. עס איז ניטא קיין אנדער דערלייזונג פאר'ן ארבעטער־קלאס אויף דער גאנצער וועלט ביז אלע מארקסיסטען אומעטום וועלען באגרייפען דעם אמת דערפון און האנדלען ווי דער דאזיגער אמת וועט זיי הייסען.

מיר ווילען אייך ניט איינרעדען אז מיר זענען אזוי נאאיוו אז מיר גלויבען אז בלויזע פארמולעס וועלען אויפטאן וואונדער. מיר ווייסען וואויל אז דורכ'ן בלאזען די שופרות און די טרומייטען וועלען די יריחו־ווענט פון קאפיטאליזם ניט איינפאלען. נאר ווען די קאמפסלוסטיגע מארקסיסטען וועלען איינזעהן ווי ריכטיג עס איז די פאזיציע פון דער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי, וועט זיך אנהויבען א שטענדיגע אגיטאציע פאר דעם, אז דער אינדוסטריעלער יוניאניזם זאל אנערקענט ווערען אלס אזא נויטווענדיגער פארבאדינג וואס אן אים קאן ניט געמאלט זיין די סאציאליסטישע רעפובליק. דאן וועט שוין לאנג ניט נעמען ווען מיר וועלען האבען אן עקאנאמישע באוועגונג וועלכע וועט זיך ווענינגסטענס ניט נאר שטעלען אנטקעגען דער קאפיטאליסטישער חוצפה, נאר וועט אויך צושטעלען דעם קעמפענדיגען פראלעטאריאט דאס, וואס ער פילט שוין אזוי שארף די נויטווענדיגקייט דערפון — א פארוואלטונגס־ארגאן פון סאציאליסטישער פראדוקציע.

## פאָלגענדעס איז א ליסט פון אונזערע אויסגאַבען:

די ברענענדע פראגע פון טרייד יוניאָניזם

פון דעניעל דעליאָן

5 סענט פער סינגעל קאפיע. $3.50 פער הונדערט

פרינציפען פון דעם סאָציאליסטישען אינדוסטריעלען יוניאָניזם

פון דעניעל דעליאָן

5 סענט פער סינגל קאפיע $3.50 פער הונדערט

סאָציאַליסטישע פראָדוקציע און דער צוזאמענברוך פון קאפיטאליזם

מאניפעסט פון דער סאָציאליסטישער ארב. פארטיי מאי 1922

פרייז 5 סענט

געלט מוז געשיקט ווערען צוזאמען מיט אָרדערס צו דער:

**NEW YORK LABOR NEWS CO.**

**45 Rose Street, New York City**

# סאציאליסטישע פראדוקציע
## און דער
# צוזאמענברוך פון קאפיטאליזם

מאניפעסט פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי
(סאשעליסט לייבאר פארטי)
מאי, 1922

די נויטווענדיגקייט פון סאציאליסטישען אינדוסטריעלען יוניאניזם כדי דורכצופירען די סאציאליסטישע רעקאנסטרוקציע פון דער געזעלשאפט. דער ארבעטער־קלאס קאן זיך ניט באנוצען מיט דער מאשין פון דעם שטאט פאר זיינע אייגענע צוועקען.



ארויסגעגעבען דורך דעם
נאציאנאלען עקזעקוטיוו קאמיטעט
פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי
ניו יארק.